דער אלגעמיינער אידישער ארבייטער בונד
אין רוסלאנד און פוילין

# דער ארבייטסטאג

צווייטע אויפלאגע






אפריל 1898

דרוק פון „אל. איד. ארבייטער בונד אין רוס. און פויל".

# דער ארבייטסטאג

---

יעדער פון אייך ווייס גאנץ גוט, וואס הייסט דאס זיין איין אר-בייטער! דאס הייסט הארעוועז און ווי נאך הארעוועז! זייער, זייער שווער! סיי דעם שניידער, סיי דעם שוסטער, סיי דעם שלאסער, סיי דעם בלעכער, יעדען קומט אן שווער זיין שטיקעל ברויט; דרייען די מאשין, זיטצען איינגעבויגען ביים קאפול, העבלעווען מיט'ן הובּיל און דאס אלץ ניט איין שעה, ניט איין טאג, ניט איין וואך, ניט איין חודש, נאר דאס גאנצע לעבען, דאס איז זייער שווער, און דאריבער בעקלא-גען זיך שטענדיג די ארבייטער אויף זייער ביטטערן מזל. אבער דערביי זאגען זיי: „שווער איז טאקי, נאר וואס זאלען מיר טאן? עסען דארף מען דאך, דאס ברויט פערדינען מיז מען דאך, ווי קענען מיר אנדערס טאן?"

די איביגע זארג וועגין דעם טאג איבערצולעבען נעמט ביי זיי אב יעדע מעגליכקייט אבגעבען זיך א קלארען דין וחשבון פון זייער לאגע. אפשר קען זיין עפּיס איין פערגרינגערונג אין זייער שווערען לעבען, און אויב הארעוועז מוז מען, נו, אפשר דארף זיין די הארעוואניע מיט א מאס?— יא, מיט א מאס, אבער אז מיר וועלין פארקלענערן די מאס פון הארעוואניע, וועלען מיר דאך ניט האבען פון וואנען צו לעבען. נו, וואס וועט אונז העלפען די קלענערע מאס ארבייט, אז מיר וועלען ניט האבען די מאס פון עסען און טרינקען, וואס מיר דארפען? ניין! דאס איז פאר אונז ניט קיין מיטטעל! אבער צו איז דאס טאקי אזוי ווי יעדער רעכענט זיך אויס? לאמיר פרובען אויסרעכענען צוזאממען, צו דאס איז טאקי אזוי: אז מען וועט יעדען טאג אנשטאט 14 שעה הארעוועז נאר 13, אדער אנשטאט 13 נאר 12 שעה, צו וועט מען דאמאלס טאקי ווייניגער פערדינען? מיר ווייסען אללע, אז ניט צו יעדער צייט פערדינט מען גלייך, אז אין דעם ארבייטערס לעבען זיינען פאראנען אללערליי צייטען: בעססערע, ערגערע און גאר שלעכטע אויך, און פאר וואס איז דאס אזוי? ווען זיינען די צייטען בעסער, ווען ערגער? ווען דער בעל

הבית נייטיגט זיך אין דעם ארבייטער, דאנן נעמט דער ארבייטער א בעסערן מקח, פארקערט, ווען ער נייטיגט זיך אין איהם ניט, דאנן בעט זיך דער ארבייטער ביי דעם בעל הבית אונ יענער שלאגט איהם אראפ פון מקח; אבער ווען נייטיגט זיך דער בעל הבית אין דעם ארבייטער? דאנן, ווען ער האט פיעל ארבייט אונ עס זענען דא ווענינ ארבייטער וואס זאלען קומען זיך ביי איהם בעטען. אבער ווי קען דאס זיין, אז עס זאלין זיין וויינינ לוידיגע ארבייטער? אלע ווילען דאך עסען אונ זוכען ארבייט, נו ווי אזוי פעהלט דאס אויס דעם בעל הבית? זעהט ווי אזוי דאס קען זיין; ווען דער בעל הבית דארף אויפטאן אין איין טאג א געוויסע ארבייט, וואס דארף דויערן למשל זעכציג שעה אונ ווען מען ארבייט ביי איהם למשל מעהר ניט ווי 12 שעה אין טאג, דאנן ווען איהם דאס אבטה'ן 5 ארבייטער אין איין טאג, אבער שטעלט זיך פאר, אז די ארבייטער וועלען טאן מעהר ניט ווי 10 שעה אין טאג, וואס וועט דאמאלס טאן דער בעל הבית? די גאנצע ארבייט וועט מען איהם דאך ניט אבטה'ן אונ ער וועט מוזען זוכען איין עצה דערצו, ווי דאס אבצוטהון. אבער ווי איז די עצה? ער וועט דארפען האבען א זעקסטען ארבייטער. נו, אבער אויב אזוי, אויב ער וועט שוין יעצט דארפען אנשטאט יעדע פינף — זעקס ארבייטער, וועט ער זיך מעהרער נייטיגען אין זיי אונ אזוי ווי ער וועט ערסט דארפען מעהרער ארבייטער, וועלען דאך וויינינער אומגיין ליידיג אונ ער וועט צוליעב דעם ניט קענען אראפשלאגין פון מקח. די ארבייטער וועלען האבין וויינינער הארעוואניע אונ מעהר פארדינסט. אבער געוויס וועלען זיך צווישען ארבייטער געפינען אזעלכע, וואס וועלען אזוי זאגען: יא, דאס איז דאך אלין גערעדט פון וואכמענשען, אבער פאר די, וואס ארבייטען פון שטיק, איז דאך געוויס בעסער וואס מעהרער צו ארבייטען, ווארום וואס מעהרער זיי טוהען אויף, בעקומען זיי דאך אלץ מעהרער אונ אלץ איז דאך ווי געפונען. נעמט אבער דעם זעלביגען משל אונ זעהט, אויב דאס איז טאקי אזוי? דער זעלביגער בעל הבית, ווענען וועלכען מיר האבען פריער גערעדט, גיט אפ זיינע ארבייט פון שטיק. וואס זשע איז דאמאלס? די ארבייטער סטארען זיך צו ארבייטען 15 שעה אין מעת לעת אונ פארדינען טאקי מעהרער, אבער דאס איז נאר אויף א

ווילע, אויף א קורצע צייט, ווארום וויפיעל מענשען האט איצט פאר־
נומען די ארבייט? ניט מעהרער ווי 4, אונ וואס איז מיט די צוויי
איבריגע פון די פריהערדיגע זעקס? זיי בלייבען אהן ארבייט, אבער
עסען ווילען זיי דאך, קומען זיי דעריבער צום בעל הבית אונ זאגען
איהם: מיר ווילען ארבייטען, מיר לאזען אייך פאר וועלוועלער אונ
ראנן, פארשטייט זיך, זאגט דער בעל הבית צו זיינע שטיק ארבייטער
אזוי: איך האב וועלוועלערע בעלי מלאכות; זיי ווילען מיר טאן פאר
אזא און אזא מקח, ווילט איהר אזוי, איז רעכט; אונ אויב ניט, גייט אייך
געזונטערהייט. אזוי מוזען שוין די שטיק-ארבייטער ארבייטען פופצעהן
שעה אונ פערדינען דאסזעלבע, וואס זיי האבען פריער אין 12 שעה
פערדינט. אויף אזא אופן פירען די שטיק-ארבייטער אויך זייער ווייניג
אויס פון זייער גרויסע הארעוואניע. זיי פארגרעסערן די צאהל ארביי-
טער, וואס מוזען ארומגייין ליידיג אונ פארקלענערן די מקחים, אונ זיי
די שטיקארבייטער, בלייבען מעהר ניט די נאררען. אז דאס איז טאקי
אזוי, אז ביי ווייניגער ארבייט וואלטען די ארבייטער ניט ווייניגער פאר-
דינט, זעהט מען פון דעם: אין רוסלאנד זיינען איצט, למשל, פארנומען
אונגעפער 1,400,000 פאבריק-ארבייטער, א חוץ האנדארבייטער-בעל
מלאכות, אונ זיי ארבייטען דורכשניטלעך צו 14 שעה אין מעת לעת;
אבער אז מ'וואלט געארבעט 13 שעה, וואלטען געווען פערנומען
נאך הונדערט טויזענד ארבייטער, אונ אז עס וואלט מיט 100,000
ארבייטער ווייניגער ארומגעגאנגען ליידיג, וואלטען דאך אללע ארביי-
טער געקענט נעהמען גרעסערע מקחים, וואלט מען ארבייטענדיג וויי-
ניגער, פערדינט מעהר.

אבער ווי זאל מען טאן אין די מלאכות, וואו מען קען טאן נאר א
געוויסע צייט אין יאהר, ד. ה. אין די מלאכות, וואו עס איז סעזאן-
ארבייט, ווי בייא די מוליארערס, ברוקירערס, שניידער, מאדיסטקעס,
אונ אזוי ווייטער, ווי זאל זיין מיט זיי? קענען די מוליארעס פארקירצען
דעם ארבעטסטאג, אז זיי הענגען אפ פון דער צייט אונ מוזען זיך בע-
נוטצען מיט איהר? אדער די שניידער? קענען זיי דען פארקירצען דעם
ארבייטסטאג, אז זייער ארבייט געדויערט נאר איין געוויסע צייט אונ
דערנאך גייען זיי ארום ליידיג? וואס'זשע וועלין זיי אויספיהרען?

פאר זיי איז דאך אדרבה פארקעהרט בעסער: וואס מעהר זיי וועלען אריינחאפין, וועט בלייבין ביי זיי. הייגט וואס לוינט זיי דאס צו ארבייטען וויינינגער? דער תירוץ איז: אז זיי וועלען ארבייטען וויינינגער, וועט מען זיך דאך מעהר אין זיי נייטיגען, וועלען זיי זיך קענען העכערן די מקחים אונ מעהרער פארדינען אין דער זעלביגער צייט; אזוי איז עס ביי ארבייט, וואס הענגט אפ פון דער צייט. אין אנדערע מלאכות, ווי די שניידער, שוסטער, מאדיסטקעס, וואו עס הענגט ניט אפ אזוי פון דער צייט, וועלען די ארבייטער איינפירען מיט דעם, וואס זיי וועלין וויינינגער טאן, דאס זיי וועלען פארלענגערן דעם סעזאן, ווארום, ווען די ארבייט וועט ניט געמאכט ווערען צו דער צייט, וועט דיזעלבע ארבייט בלייבען אויף שפעטער, וועלען זיי האבען מעהרער צייט ארבייט אונ וויינינגער ליידיג גייז. אונ שפעטער, אז די קונדען וועלין שוין זיין צוגעוויינט, אז פאר ימים טובים למשל איז שווער אנצוקומען צו די שניידער, וועט מען פריער אוועקגעבען נייען, וועט זיך ממילא פארלענגערן דער סעזאן. זעהט מען שוין, אז דער קורצער ארבייטסטאג איז א הילף פאר די סעזאן-ארבייט אויך. מיט איין ווארט מען זעהט קלאר, אז פאר אללע ארבייטער איז בעסער צו טאן וויינינגער, אז ניט נאר זיי וועלען ניט וויינינגער פארדינען, נאר פארקערט זיי וועלען נאך מעהר פארדיענען אונ וויינינגער צייט אומגיין ליידיג.

אז דאס איז טאקי אזוי, זעהען מיר פון אללערליי פאקטען פון ארבייטערס לעבען. אין דייטשלאנד, צום ביישפיעל, האבען די ארבייטער ניט צו אללע צייטען געארבעט גלייך אונ די שכירות זייערע איז אויך געווען ניט קיין גלייכע, צום ביישפיעל, ווען זיי האבין געארבייט 13 שעה אין טאג ד. ה. 78 שעה אין וואך, האבען זיי באקומען זיבען רובעל, דרייסיג קאפ. א וואך, אונ אז זיי האבען אנגעהויבען צו טאן 12 שעה א טאג, האבען זיי גענומען אכט רובעל פערציג קאפ. א וואך; אז זיי האבען אבער אנגעהויבען צו ארבייטען 11 שעה האט זיך זייער פארדינסט פארגרעסערט ביז אכט רובל זעכציג קאפ. א וואך. זייער פארדינסט איז געשטיגען ביז אויף צעהן רובל אכציג קאפ. א וואך, אז זיי האבען גיטאן פון 9 ביז 10 שעה אין טאג. פון דעם זעהען מיר, אז

זייער ארבייטסטאג האט זיך געקירצט אויף 4 שעה אונ זייער לאהן האט זיך געהעכערט אויף דריי רובל פופציג קאפ.

אבער ניט נאר די סטאליארעס האבען זיך פארקירצט דעם אר-בייטסטאג, אויך די בעקער האבען פארקירצט דעם ארבייטסטאג אויף 2 שעה אין טאג אונ פארדינען מיט 6 רובל מעהר א וואך. אין ענג-לאנד, אין לאנדאן, האט מען אנשטאט איין ניינשטונדיגען ארבייטסטאג איינגעפיהרט איין אכטשטונדיגען אויף די גאזפאבריקען אונ דעריבער האבען עטליכע טויזענד ארבייטער, וואס זיינען פריער ארומגעגאנגען ליידיג, באקומען ארבייט, אונ די שכירות איז צוליעב דעם געווארען העכער. אויך אין רוסלאנד אין מאסקעווער גובערניע האט זיך אומגע-ביטען די שכירות; ווען דער ארבייטסטאג האט געדויערט פון 15 — 1/2 15 שעה איז די שכירות געוועזען דורכשניטליך זעכצעהן רובל זעכ-צעהן קאפ. ווען מען האט אנגעהויבען צו טאן פון 13 ביז 14 איז די שכירות געוועזען 17.89 א חדש, דאס הייסט אויף איין רובעל דריי אונ זיבציג קאפיקעס מעהר ווי פריער; אז מען האט אנגעהויבען צו ארביי-טען פון 3/4 13 ביז 13 שעה, האט זיך די שכירות געהעכערט ביז צוואנציג, ד. ה. נאך אויף צוויי רובעל אונ צוואנציג קאפ. אונ אז מען האט אנגעהויבען צו ארבייטען פון 3/4 12 ביז 1/3 11 האט זיך די שכירות געהעכערט ביז 21.66, ד. ה. אז מיר זאלען נעהמען די שכירות, ווען מען האט געארבעט כמעט פון 15 ביז 16 שעה אונ איצט, אז מען ארבעט פון 12 ביז 13 שעה, ד. ה. מיט 3 שעה וויני-גער, האט זיך די שכירות געהעכערט פון 16 ר. 16 ק. אויף 21 ר. 66 ק., ד. ה. אויף זעקסטאלבען רובעל מעהרער! אין ווילנע, זייט מען האט אנגעהויבען צו שטיין פאר איין קירצערען ארבייטסטאג, זייט מען האט אנגיהויבען צו פארדערן, אז מען זאל טאן מעהר ניט וויפיעל דער זאקאן הייסט, ד. ה. די בעל מלאכות זאלען ארבייטען מעהר ניט ווי צעהן שעה, האט זיך טאקי די שכירות געהעכערט. ביי די קאמאשענ-שטעפער, וואס טהוען אויף קראם, ארבעט מען זינט א יאהר פינף, צעהן שעה אין טאג: די שכירות האט זיך אין דער צייט געהעכערט אויף פופציג קאפ. די וואך. ביי די בערשטער אין ווילנע האט זיך אין דער צייט, זייט מען האט אנגעהויבען צו טאן צעהן שעה אין טאג, גע-

העכערט די שכירות אויף א רובעל א וואך. פריער פלעגען זיי ווינטער טאן דרייצעהן שעה אין טאג, אונ זוממער דרייצענטהאלבען. די שכירות פלעגט דורכ'ן באנק באטרעפען 2.75 די וואך; איצט, אז זיי טהוען סיי ווינטער, סיי זוממער 12 שעה אין טאג, באקומען זיי 3.75 די וואך. די ווילנער שלאסערס האבען געטאן פון 11 ביז 14 שעה אין טאג, איצט טוען זיי פון 10 ביז 12 שעה; די שכירות האבין זיך אונטער דער צייט אין איינע ווערקשטאטען געהעכערט אויף 50 קאפ. אין די אנדערע אויך א רובעל די וואך.

און דאס ביישפיעל וויל אונז אויך פיעל זאגען; אין רוססלאנד דויערט דער ארבייטסטאג דורכשניטליך פון 13 ביז 14 שעה אונ אין אמעריקא טהוט מען פון 9 ביז 10 שעה אין טאג — די געצאלט איז אין אמעריקא דורכשניטליך פינף מאל גרעססער ווי אין רוססלאנד. אין ענגלאנד, וואו דער ארבייטסטאג איז פון 9 ביז 10 שעה, איז די שכירות פיער מאל גרעססער.

מיט אייןווארט, פארקלענערן דען ארבייטס־טאג, הייסט אויך, ווי מיר זעהען, פערגרעססערן די שכירות.

נור עס געפינען זיך מענשען, וואס זאגען, אז דאס איז א נאריש־קייט, אז דעם בעל הבית גופא לאהנט בעסער מעהר צו צאהלען, אויב מען וועט ביי איהם לענגער ארבייטען. דאס לעבען באווייזט אונז, אז עס איז גראד פארקערט. די ווי-ער ארבייטער האבען אנגעהויבען צו ארבייטען אנשטאט 8 שעה 12 שעה; זייערע שכירות האבען זיך דאך דאמאלס געדארפט העכערן אויף א דריטעל, אבער געהע־כערט האט מען זיי נאר אויף א פירטעל, אונ דאס אויך נאר אין אנהייב. דערנאך האט זיך אויסגעלאזין גראד פארקערט ווי זיי האבען געהאפט: אזוי ווי יעדערער האט מעהר אויסגעארבעט ווי פריער, זיינען מעהר ארבייטער ארומגעגאנגען ליידיג אונ האבען אראפ־געשלאגען דעם מקח פון די אנדערע ארבייטער, פארשטייט זיך, אז די ארבייטער האבען גאר ניט אויסגעפיהרט מיט זייער טאן מעהרער — מען האט זיי נאר גישונדין די הויט; זיי האבען גיהארעוועט אהן איין שיעור און פארדיענט ווי פריער.. אט האט איהר אפולע ריכטיגע בא־

ווייזען, אז עס איז טאקי אזוי ווי מיר האבען פריער געזאגט און די באוויזען זיינען גענומען געווארען פון די לענדער, וואו עס איז שוין שטארק ענטוויקעלט די פראדוקציאן (די פאבריקאציאן), וואו מען ארבייט שוין מעהרער מיט מאשינעס. און פארשטייט זיך, אז מען ארבעט מיט מאשינעס, נייטיגט מען זיך וויניגער, קומט מען אויס גיכער אהן פארשטענדיגע (ספעציאלנע) ארבייטער, אהן אזעלכע וואס זאלען קענען די גאנצע מלאכה, ווארום די מאשינע צוטהיילט די אר-בעט אין עטליכע קליינע טהיילען, וועלכע עס איז ניט שווער זיך אויס-צולערנען און מען קען גלייך פארנעהמען דעם ארט פון איין ארבייטער, וואס וויל ניט טהאן אזוי לאנג און פאר וואס עס איז פאר איין מקח און דאך האט זיך דארטין איינגעגעבען די ארבייטער פערגרעססערן זייער שכירות, ווייל זיי האבען פערקלענערט דען ארבייטסטאג און ווייל פערקלענערן דען ארבייטסטאג הייסט שטענדיג, אין אללע אופנים, פערקלענערן די צאהל פון די ליידיגע ארבייטער.

און וואס איז שייכות צו די שטעדט און ערטער, וואו די מאשי-נעס זענען נאך ניט אזוי איינגיפיהרט אין די מלאכות. אין וועלכע עס איז דאס רוב האנדארבייט און וואו די גאנצע ארבייט העננט אפ פון די קענטשאפט פון ארבייטער, איז דארט נאך לייכטער צו פארגרעסערן די שכירות, ווארום מען קען ניט אוועק שטעלין קיין מאשין אזוי גיך אנשטאט דעם ארבייטער, מען קען ניט באקומען אזוי לייכט אנדערע ארבייטער, וואס זאלען קענען גוט די מלאכה, מען מוז זיי דעריבער העכערן די שכירות, ווייל מען נייטיגט זיך אין זיי.

מיר האבען גיזעהן, אז אלץ, וואס עס ווירקט אויף די שכירות פון וואכארבייטער, ווירקט אויך אויף די שכירות פון די שטיק ארבייטער און דעראיבער איז אלץ, וואס דא איז פארגעבראכט איבער די וואכ-מענשען, ריכטיג פאר די שטיקארבייטער. זיי קענען זאגען, אז זיי דארפין האבען א געוויסע צייט אויסצוארבייטען זייערע שכירות און אז זיי וועלין פארקורצען די צייט, וועלען זיי וויניגער פארדינען, אבער ווי מיר ווייסען שוין, איז דאך מיט זיי די זעלביגע זאך: ווען זיי וועלען וויניגער אויפטאן, וועט מען דארפען מעהרער ארבייטער, וועלען וויניגער אומגיין ליידיג, וועט זיך העכערען די שכירות, וועלען זיי אין

א קירצערע צייט פארדינען די זעלביגע שכירות. אז דאס איז ריכטיג, קאננען מיר ווידער בעווייזען.

אין בערלין למשל האט אין 1862 יאהר יעדער מוליאר געלעגט 623 ציגיל אונ אין 1873, אז דער ארבייטסטאג איז געווארען קירצער, האט יעדער ארבייטער געלייגט מעהר ניט ווי 304 אונ די שכירות איז פון איין רובעל פינף קאפיקעס געשטיגען ביז 2.25 א טאג — א קלא-רער בעוויז, ווי ביי דעם קירצערין ארבייטסטאג העכערט זיך די שכירות ביי די שטיקארבייטער אויך! אונ אזוי זעהט איהר קלאר, אז סיי ביי די וואכמענשען, סיי ביי די שטיקארבייטער פארגרעסערט זיך די שכירות, ווען עס פארקלענערט זיך דער ארבייטסטאג.

* * *

אבער דער קורצער ארבייטסטאג ברענגט דעם ארבייטער נאך אונ נאך אפולע נוטצין, וואס אויפ'ן ערשטען בליק קען מען דאס גאר ניט באמערקען. ער ברענגט צום ביישפיעל דערצו, אז חאטשי מען ארבעט וויניגער, פון דעסטוועגין טוט מען אויף מעהרער, ווייל די ארבעט גופא איז אינטענזיווער, דאס הייסט אין דער זעלביגער צייט מיט דיזעלביגע גיצייג טוט מען מעהרער אויף. אז דאס איז ריכטיג, אז ווען דער מענש ארבעט וויניגער, קען ער אין דער זעלביגער צייט אויפטאן מעהרער ווי ווען ער ארבעט פיל, קען מען זעהן פון אפולע פאקטען פון ארבייטערס לעבען און איבערהויפט אין גיוועהנליכען לעבין אויף שריטט אונ טריט. מיר ווייסען, אז ווען איין מענש גייט ארויס אויף א לאנגען וועג, גייט ער די ערסטע צייט גיכער אונ דערנאך וואס ווייטער אלץ לאנגזאמער. אין דער ארבעט דאכט זיך אויס, אז דאס איז גאר ניט צו באמערקען, ווארום מען איז אזוי איינגיוויינט צו שלע-פען דעם יאך, אז עס דאכט זיך אויס, אז עס איז גאר נישט מיט א שעה מיט צוויי וויניגער: דערמיט וועט מען זיך גאר נישט פארגרינגערן אונ נור וויניגער אויפטאן. נור די טענות זיינען נישט ריכטיג. די קלענסטע פארקירצונג מאכט דען ארבייטער פרישער אונ שטארקער, אונ שטענדיג נעמט ער זיך צו דער ארבייט מיט מעהר פרישקייט, מיט מעהר לעבעדיגקייט אונ ארבייט אויס נישט וויניגער. דאס האבין שוין

אפילו אפולע פאבריקאַנטען איינגעזעהן. אזוי אין אויסטראליע ארבעט מען 8 שעה אין טאג אין אפולע מלאכות אונ דארטען טוט מען אויף אין דערזעלביגער צייט ניט וויינינגער ווי אנדערסוואו; וואו מען ארבעט 13 — 14- - 15 שעה אין מעת לעת; די ביכער פון איין פאבריק פון שווייצאריע ווייזען אויף, אז ביי איין צוועלפשטונדיגען ארבייטסטאג פלעגט מען דארט אויסשפינען 732 פונט באוויל אין א מעת לעת אונ אויף דער זעלביגען פאבריק מיט די זעלביגע געצייג האט מען אויס-געשפינט 777 פונט באוויל, ארבייטענדיג עלף שעה אין טאג. אין פראנקרייך מאכט יעדער ארבייטער אויס סחורה אויף 1337 רובעל א יאהר אונ אין אמעריקא אויף 4076 רובעל א יאהר אונ דאס איז אין דער צייט, ווען אין אמעריקא ארבעט מען מיט דריי שעה וויינינגער, ווי אין פראנקרייך, אט זעהט איהר קלאר דעם אונטערשיעד. אונ דאס פארשטייט איהר דאך, אז וואס מעהר מען ארבעט אויס, פארדינט דער פאבריקאנט אלץ מעהר. אונ ווען עס קומט אויס צו העכערין, פארלירט ער דערביי אויך ניט, ער פארדינט נאך. אז עס איז אזוי, האט מען איינגעזעהן אייך אין רוסלאנד. אין 1893 יאהר דאט מען איינגעפיהרט אין לאדז ביי שייבלערן אין פאבריק איין 12 שטונדיגען ארבייטסטאג אנשטאט איין דרייצעהנשטונדיגען. שייבלער האט דאס איינגעפיהרט, ווייל ער האט מורא גיהאט, אז די ארבייטער זאלען ניט מאכען א סטאצקע, ווי אין 1892 יאהר, אונ ער האט בעסער איינגעפיהרט א צוועלפשטונדיגען ארבייטסטאג אנשטאט א דרייצעהנשטונדיגען אונ איצט זאגט ער, אז ער האט גאר קיין חרטה ניט; מען טהוט איהם ניט וויינינגער אויף, ווייל, ווען די ארבייטער זיינען מעהר אויסגערוהט, קענען זיי מעהר אויפטאן. אין מאסקהווער גובערניע ארבעט מען דורך טאג אונ דורך נאכט פון 14 ביז 15 שעה אין מעת לעת אונ אין פע-טערסבורג ארבעט מען ניט אין דער נאכט אונ דאך זאגען די פעטערס-בורגער פאבריקאנטען, אז זייט מען האט אויפגיהערט צו ארבייטען אין דער נאכט, טוט מען אויף ניט וויינינגער אונ א סך בעסער. איהר וועט דאך אבער זאגען, אז מען וועט אויפטאן מעהר, וועט מען דאך דארפען וויינינגער ארבייטער, וועט דאך ווייטער זיין שלעכט, ווייטער קלענער די שכירות? טא וואס פיהרט מען אויס? איז דער תירוץ אויף

דעם, אז אום צו דערשלאגען זיך, אז מען זאל ארבייטען וויניגער, מוזען דאך די ארבייטער זיין פאראייניגט, האלטען איינע פאר די אנ-דערע, מאבען יד אחת, אונ אויב אזוי, אז די שכירות וועלען זיך פאר-גרעסערן צוליעב דעם, וואס זיי וועלין ארבייטען וויניגער, איז ווען מען וועט וועלען אראפנעהמען די שכירות, ווייל מען וועט אנהייבען מעהר אויפטאן, וועלין זיי זיך ניט לאזען, אונ אזוי ווי זיי האבען זיך געהאלטען שטייף ניט צו ארבייטען אהן איין שיעור, אזוי וועלען זיי זיך האלטען שטארק ניט צו פארקלענערן די שכירות; זיי וועלען זיך האלטין אונ טאקי בלייבען ביי די גרעסערע שכירות אונ דאס זעהען מיר ביי די קאמאשענשטעפער, ביי די בערסטילמאכער אונ ביי די שלאסארעס א. ז. וו. זייערע בעל הבתים האבען זיך ניט איין מאל גיפרובט אראפווארפען די שכירות, אבער די ארבייטער האבען גיזאגט: „ניין ברודער,ווארט נאך אביסיל" און האבען טאקי אויסגעפידערט. אזוי זעהען מיר, אז די שכירות ווערט ניט קלענער, ווען דער ארבייטסטאג איז קירצער.

* * *

די ארבייטער וועלען פארקלענערן די מאס ארבייט, וואס וועט דערפון זיין? אז זיי וועלען ניט פארקלענערן די שכירות, נאר פארגרע-סערן, האבען מיר שוין גיזעהן. איצט וואס נאך פאר א נוטצען איז דא פאר זיי, צו איז דאס פאר זיי געזונד אדער שלעכט? צו וועלען זיי אפשר פארקלענערנדיג די מאס פון ארבייט, אויך פארקלענערן די מאס פון קראנקהייטען? יא, זיי וועלען פארקלענערן, דענן דער לאנגער ארבייטסטאג, די איבריגע הארעוואניע ברענגט צו אלערליי קראנקהייטען. אונ ווי אזוי? דאס קענען מיר זעהן: יעדער מענש מוז ארבייטען, דאס פאדערט זיין נאטור, אבער ארבייטען מוז ער מיט א מאס, דען סיי צו וויניג ארבייט, סיי צו פיעל שאדעט דעם קערפער, שוואכט איהם אפ. איהר וועט זיך געוויס וואונדערן: וואס הייסט דאס וויניג ארבייטען שוואכט אפ? אדרבה, די וואס ארבייטען וויניגער, איז דאך טאקי גוט! אבער דאס איז א טעות. די, וואס ארבייטען וויניג, די אללע רייכע ליידיגגייער דארפען די דאקטוירים, פאהרען אין די בעדער, טרינקען וואסער אונ

דאס איז אלץ, ווייל זיי האבען וויינינ געארבייט,-ווייל די נאטור פון מענשין פארדערט, אז דער מענש זאלל ארבייטען מיט אללע זיינע אברים, אונ אויב ער ארבייט ניט מיט זיי, ווערען זיי אפגעשוואכט. אז דאס איז אזוי, זעהט איהר פון דעם בעווייז: די רעכטע האנד איז ביי דעם מענשען שטארקער ווי די לינקע, ווייל מיט דער רעכטער ארבייט מען מעהרער ווי מיט דער לינקער, אונ דאס זעלבע איז, אז מען ארבייט מיט איין אבר צו פיעל — ווערט ער פערמאטערט אונ שוואך; ער רוהט זיך ניט גענונ אויס, פערלירט ער זיין שטארקייט. אבער צו האט דאס א שייכות צו אללע איבריגע אברים, אז איינער רוהט זיך ניט אויס? אז עס פערמאטערט זיך למשל מיין האנד, נו וואס שאדעט דאס מיין קאפ, וואס שאדעט דאס מיין הארץ? ארבייטען מיט איין אבר הייסט איהם בעווענען. יעדער אבר בעוועגט זיך דורך אזוינע פעדימ־לעך, וואס קומען אין איהם אריין אונ וואס רופען זיך אן נערוועך. די אללע פעדימלאך פון אללע אברים קומען זיך צוזאממען אין קאפ, אין מארך. נו — היינט אז איין אבר ווערט פערמאטערט, הייסט דאס, אז די נערוועך, וואס גייען פון איהם אין קאפ אריין, זענען פערמאטערט געווארען אונ, אזוי ווי אללע נערוועך זענען פערבונדען צווישען זיך, איז אויב איין אבר ווערט פערמאטערט, ווערען אללע פערמאטערט, חאטשי מיר האבען ניט געארבייט מיט זיי. איצט פערשטייען מיר פאר וואס, אז מיר ארבייטען נאר מיט די הענד טהוט אונז וויי דאס הארץ אונ די פלייצעס' עס רייסט אונז דער קאפ. היינט אז דער ארבייטער הארעוועט איבער זיינע קרעפטען ניט איין שעה, ניט איין וואך, נאר זיין גאנצען לעבען, נו וואס'זע קומט דערפון ארויס? ער ווערט אבגע־שוואכט אונ לעבט וויינינער ווי אנדערע מענשען. מען האט אויסגערע־כינט אין האמבורג, וויפיל לעבען דורכשניטליך די רייכע מענשען אונ די ארימע, איז ארויסגעקומען, אז די רייכע לעבען דורכשניטלעך 35 יאהר אונ די ארבייטער נאר 15 יאהר. איהר פערשטייט, וואס פאר א אונטערשיעד? אונ פאר וואס איז דאס? ווייל דעם ארבייטער קומט אויס צו הארעווען ניט וויפיל די נאטור פארדערט אונ וויפיל עס איז געזונד, נאר פיעל, פיעל מעהרער אונ דערביי זיינען אללע צושטענדען אין וועלכע ער ארבייט זייער, זייער שלעכט. א מענש מוז האבען

פרישע לופט צו אטהמען, נו האט דאס דער ארבייטער? ניין, ער אר-
בייט אין א פערפעסטעטע לופט, וועלכע ברענגט איהם צו סוכאטע
(שווינדזוכט). א מענש טאר ניט איבערגיין פון גרויסע היץ אין קעלט,
אבער צו קען דאס אבהיטען דער ארבייטער? ניין, אין די שפינערייי-
פאבריקען, צום ביישפיל, זיינען דא אבטהיילונגען וואו מען מאכט
גרויסע היצען, די בוימוואל צו טריקענען. די, וואס ארבייטען דארטען,
קומט אויס ווינטער ארויסצולויפען אין די גרויסע פרעסט אין דרויסען.
פארשטייט זיך, אז אזא איבערגאנג נעמט אוועק ביי די ארבייטער דאס
גיזונד, זיי בעקומען דערפון רעוומאטיזמוס, אויסער דער רעוומאטיז-
מוס ליידעט דער מייסטע טהייל ארבייטער אן מאגענקראנקהייטען,
לונגענקראנקהייטען אונ נאך אזוינע גוטע זאכען. אונ אז מען זאל זיך
טיפער איינקוקען, קען מען זעהן, אז איידער די ארבייטער ווערען נאך
געבארען, בעת זיי ליגען אין דער מאמעס בויך, בעקומען זיי שוין
אלערליי פעהלער, פון וועלכע זיי שטארבען פאר דער צייט. די ארבייט
אהן א מאס ווירקט שרעקליך אויף דעם גיזונד פון די פרויען, זיי בע-
קומען פרויענקראנקהייטען אונ געבארען פאר דער צייט אונ דאנן
פערשטייט מען שוין וואס פאר א דורות עס קענען ארויסקומען. אז די
קינדער דערלעבען שוין יא ביז 8 — 10 יאהר, שיקט מען זיי אוועק
אין די פאבריקען הארעווען, ווייל דער טאטע אליין טהוט צו פיעל,
זענען די שבירות צו קליין אונ דעריבער קען ער ניט אזוי פיעל פער-
דינען צו דערנערען זיינע קינדער, אונ ער מוז זיי אונ דאס ווייב שיקען
צו דער ארבייט. ווער האט ניט געזעהן דעם ארבייטערס קינדער? ווער
האט ניט געזעהן די בלאסע אויסגעמאגערטע, פערמאטערטע געזיכטער
אויף די שוועבאלאך אונ ראגאזקע - פאבריקען! אויף זייערע יונגע
פנימלעך, וואס ווערען אלט פאר דער צייט, לייענט מען בעסער ווי אויף
אלע טאבליצעס, בעססער ווי אין אלע בעשרייבונגען פון דאקטורים'
ווי עס ווירקט אויף די שוואכע קינדערליך די ארבייט אהן א שיעור אין
דער פארפעסטעטער לופט. די אומגליקליכע אייפעלעך, וואס ווערען
שוין געבארען שוואך (ווי מיר האבען גיזעהן), וואס האבען ניט, ווער
עס זאל זיי האדעווען, וואס מוזען צו 8 יאהר גיין אין די פאבריקען,
וועלכע מאכען זיי פאר קאליקעס, שלאגען זיי אריין אין דער ערד,

לאזען זיי אהן ציין און אהן ביין (אויף די שוועבעלאך-פאבריקען ווערען פון שוועביל ווייך די ביינער, צופוילט די יאסלעס, די ציין פאלען ארויס), אט די אומגליקליכע קינדער, וואס ווערען דערנאך אזוי דארפען לעבין שוואכע, קראנקע און אלטע פאר דער צייט, ווייזען בעסער ווי אלץ, ווי ווירקט די ארבייט אהן א שיעור. זיי ווייזען אונז, אז די קראנקהייטען ביי די קליינע ווערען גרעסער ביי די גרויסע. די גרויסע ארבייטער האבען אויך יעדער באזונדער זייער קראנקהייט: די זעצער ליידען פון סוכאטע, אויסערדעם פון דאס בליי, וואס זיי אטהמען איין, ווערען ביי זיי צופוילט די ציין אין די יאסלעס. די שניידערקעס און נייטארינס קריגען פרויען-קראנקהייטען, הענד-ציטערניש א. ז. וו. יעדער מלאכה האט זיך איהרע קראנקהייטען און געוועהנליך, וואס מעהרער מען ארבייט, קומט די קראנקהייט אלץ גיכער. עס וואלט ניט חאפען קיין פאפיער, אז מיר וואלטען אויסרעכענען, ווי עס ווירקען די צושטענדען פון דער ארבייט אויף דעם געזונד פון די ארבייטער, זייערע ווייבער און קינדער. נאר אט זיינען איינינע פאקטען, וואס ווייזען דאס קלאר: ביי ארבייטער שטארבען אויס מעהרער ווי ביי אלעמען זויגעדיגע קינדער ביז 2 יאהר. פאר וואס איז דאס? ווייל זיי האבין אליין קיין כחות ניט און זייערע קינדער שוין אודאי ניט, ווייל ווען זיי ווערין געבארען, האבען ניט זייערע מוטטערס, ווען זיי צו האדעווען. ווי שרעקליך די ארבייט ווירקט אויף די פרויען, זעהט מען פון די ציפער: אין אמעריקא האט מען פערשריבען די פרויען, וואס זענען אנגעקומען אין איין פאבריקע: צווישען זיי זענען געוועזען 16360 גאר געזונדע, 882 פון מיטעל געזונד און 185 פון שוואכען געזונד און אין 8 יאהר ארום, ד. ה. ווען זיי האבען שוין אבגעהארעוועט די צייט זיינען געוועזען גאר געזונדע 14557, ד. ה. אויף צוויי טויזענט גאר געזונדע וויניגער, פון מיטעלין געזונד 2385 ד. ה. כמעט 3 מאל מעהרער. אין א פערלויף פון 8 יאהר איז וועניגער געווארען געזונטע אויף 2 טויזענד און פארגרעסערט געווארען שוואכע אין דריי מאל... די ארבייט אויף די פאבריקען ביי די אללע שלעכטע צושטאנדען ברענגט דערצו, אז די אברים ווערען צו קרימט. איין דאקטאר דערציילט, אז אין לאנדאן אין 1832 יאהר אין איין קווארטאל איז געוועזן זעלטען צו טרעפען א מענ-

שין מיט גלייכע פיס, ביי דעם גרעסטען טייל זענען געוועזען די געזיכ-טער בלאס און אהן א שום מוטה, דער קאפּף איינגעבויגען, אבער אין 25 יאהר ארום, נאך דעם, ווי מען האט איינגעפיהרט א קירצערען אר-בייטסטאג, שרייבט דערזעלביגער דאקטאר פון דעמזעלביגען ארט, איז געוועזען שווער צו געפינען די פריהערדיגע ספּעציאלנ „פאבריק-פיס" און קרומע רוקינס, די געזיכטער זיינען שוין ניט געוועזען אזוי בלאס. און שטעלט זיך פאר וואס? זיי האבען וועניגער צייט געהארעוועט ביי די שלעכטע צושטאנדען, מעהרער אויסגערוהט, אויסגעגלייכט די ביינער און דעריבער איז געווארין וועניגער קרומע רוקינס. יאָ, די ארבייט אהן א צייט נעמט צו דאס געזונד, דעם כח מיט'ן מח ביי די ארבייטער, זיי שטארבען אויס פאר דער צייט, זיי לעבין וועניגער ווי די רייכע מענ-שען, אט איז א רעכנונג, פון וועלכער מען קען ארויסזעהן, וויפיל עס שטארבען אויס פון יעדער טויזענד רייכע און ארבייטער:

| | אויף יעדער טויזענד פון רייכען שטאנד מענשען שטארבען אויס: | אויף יעדער טויזענד פון ארימען שטאנד מענשען שטארבען אויס: |
|---|---|---|
| 5 יאריגע | 57 | 345 |
| 10 — | 62 | 402 |
| 20 — | 144 | 434 |
| 30 — | 204 | 514 |
| 40 — | 305 | 674 |
| 50 — | 443 | 717 |
| 60 — | 602 | 828 |
| 70 — | 765 | 935 |
| 80 — | 943 | 991 |

אט זעהט איהר קלאר דעם אונטערשיעד, אט זעהט איהר, אין וועלכען שטאַנד שטארבען אויס מעהרער מענשען, און פאר וואס? ווייל מען ארבייט אהן א מאס *), ווייל מען רעכענט ניט אויס, אז צו פיעל הא-

*) דאס, וואס ארבייטער שטארבען אזוי פיעל אויס, ווענט זיך אויך אן דעם, וואס זיי בעקומען וועניג געהאלט, וואס עס איז נישט דא פשוט פון וואנען צו לעבען, אבער ווי מיר האבען געזעהן בעקומען די ארבייטער וועניג שכירות, ווייל דער ארבייטסטאג איז צו גרויס.

רעוואניע פארקירצט די יאהרען. אז מען זאל נעהמען גוט זיך בעטראכ־
טען, בעגייט מען זיך מיט איין ארבייטער ערגער ווי מיט א בהמה. א
בהמה גיט דער בעל הבית שטענדיג רוה. אז דאס פערד האט דעם טאג
גיהארעוועט, לאזט ער איהם די נאכט רוהען, ווארום דער בעל הבית
ווייסט גאנץ גוט, אז די בהמה וועט פאלען, וועט דאס איהם
קאסטען גוט געלד. פאר'ן ארבייטער ארט איהם ניט; אנשטאט דעם
קראנקען וועלען קומען 10 געזונדע זיך בעטין, היינט וואס ארט
איהם, אז ער טרייבט דעם ארבייטער סיי טאג, סיי נאכט? רעדט מיט
א בעל הבית, וועט ער אייך גאר ניט מודה זיין, אז ער טרייבט דעם
ארבייטער. וואס איז, ער נייט דעם ארבייטער צו טאן? דער ארבייטער
קומט זיך דאך אלליין בעטען און איז מסכים צו טאן שפעט, היינט
וועמען ארט דאס, איז ער דען מחויב צו זארגען וועגין דער רוה פון
דעם ארבייטער? יא, דער בעל הבית איז ביי זיך דורכאויס גערעכט,
פאר איהם איז נייטיג גראד אן דעם פערגעסען. אבער די ארבייטער?
זיי דארפען דאך יא געדענקען, וואס נעמט צו ביי זיי דאס געזונד און
בארעכענין ווי אזוי זאל דאס אנדערס זיין? זיי דארפין געדענקין, אז
דער פאבריקאנט קלעהרט מעהר נישט, אז די מאשין זאל נישט שטיין
ניט איין מינוט, ער שטעלט צוויי ערליי ארבייטער, בייטאגעדיגע און
באנאכטיגע — די מאשין זאל ניט רוהען די נאכט — ער וויל ניט, אז
די מאשין זאל שטיין, אפילו די ווייל, ווען די בייטאגעדיגע ארבייטער
עסען, און דעריבער רייסט ער אויף פון שלאף די באנאכטיגע ארביי־
טער אויף די צייט, וואס די באטאגעדיגע עסען און ווי צו מיטאג אזוי
צו פרישטיק. אז ער וויל, גיט ער גאר קיין בעזונדערע צייט ניט צו
עסען — דאס איז איין איבריגע זאך: מען קען עסען און ארבייטען אין
איין צייט. די ארבייטער דארפען געדענקען אן אללע מיטלען, וועלכע
די פאבריקאנטען זוכען אויס אום צו פארלענגערן דעם ארבייטסטאג
און מעהר אויסצונוטצען דעם כח און דעם מח פון דעם ארבייטער...

ביז אהער האבען מיר אלץ גערעט ווי דער לאנגער ארבייטסטאג
נעהמט צו ביי דעם ארבייטער זיין גיזונד, אבער ווי נעמט ער דאס אפ
זיין פערשטאנד? די דאקטורים ווייזען אויף, אז די פאבריק ארבייטער
האבען איבערהויפט קראנקע נערוועז — ד. ה. קאפוויטיג, שטענדיג

אומעטיגקייט און פאר וואס דאס איז, האט איהר שוין געזעהן פון פריער. יעדער אבר איז פארבונדען מיט'ן מארך און ווענן מען מאטערט יעדער אבר, מאטערט מען דעם מארך; אויסערדעם, אזוי ווי איהר האט גיזעהען פון פריהער איז נאר געזונד דער אבר, מיט וועלכען מען ארבעט מיט א מאס, אונ אז מען ארבעט גאר ניט מיט א'ן אבר ווערט ער שוואך, היינט אז ארבייטער קומט אויס וואס ווייטער אלץ ארבייטען מיט וויינינגער אברים, ווערען די איבריגע ביי איהם אבגעשוואכט, זיי פארלירען זייער קראפט, זייער פעהיגקייט צור ארבעט, דהיינו, ביי די, וואס קומט אויס צו ארבייטען זייער גאנצען לעבין מיט די הענד, זענען אבגעשוואכט די פיס; דהיינו, ביי שניידער, ביי שוסטער. נו, אונ וואס איז מיט דעם ארבייטערס מארך? מען מאטערט איהם, מאטערינדיג די איבריגע אברים, אבער מען גיט איהם קיין ארבעט ניט אונ דעריבער ווערט ער שוואך, טעמפע, דאס הייסט ער פערלירט זיין פעהיגקייט צו ארבייטען אונ דעראיבער וואס מעהר דער ארבייטער הארעוועט, וואס וויינינגער ער לאזט זיין מארך אויסרוהען פון מאטערניש, קען זיין מארך אלץ וויינינגער ארבייטען, קען זיך ביי איהם אלץ וויינינגער ענטוויקלען זיין פארשטאנד, אונ אזוי ווי די שוואכקייט גיט זיך איבער פון דור צו דור, אזוי ווי פון קראנקע עלטערן קענען ניט ארויסקומען קיין געזונדע קינדער, קומט ארויס, אז וואס ווייטער קומען ארויס די דורות פון די ארבייטער אלץ שוואכער אונ טעמפער, אלזא דארפין די ארבייטער וויסען אונ גערענקען, דאס דער לאנגער ארבייטסטאג פיהרט איבער זייער גיזונד, ער נעמט אב זייערע קרעפטען אונ מאכט טעמפע זייער מח. אונ צו גערענקען האבען וועגען דעם מעהר ניט ווי די ארבייטער אליין, ווארום דעם בעל הבית קען דאס ניט ארען, דארף דאס ניט ארען, ארבייטער האט ער גענוג, אויספעהלן קענען זיי איהם ניט אונ דאס וואס זיי ווערן טעמפער איז פאר איהם בעסער; זיי וועלין וויינינגער פארשטיין זייערע צרות, וועלין זיי וויינינגער זיין ניט צופרידין, וועלין זיי מאכען וויינינגער שטרייקען, וועלין זיי זיין טרייע פערד אונ מעהר ווי פערד דארף דער בעל הבית ניט, ווארום וואס ווייטער, פיהרט מען איין אלץ מעהרער מאשינען אונ מען נייטיגט זיך אלץ וויינינגער

אין דעם ארבייטערס קענטנים אונ שכל. דער בעל הבית דארף מאכי האבען מעהר ניט ווי פערד, אבער די ארבייטער דארפען פארשטיין, וואס פאר זיי איז שלעכט. אלזא וועגען וואס קלערין די בעל הבתים אונ וועגען וואס מוזען קלערין די ארבייטער! דער בעל הבית זוכט צו פארלענגערן דעם ארבייטסטאג, פארקלענערן די שכירות, אדער אנ-דערש גיזאגט, ווי אויסצוניטצען דעם ארבייטערס גיזונד אונ זיך אנ-פאקען די קעשענעס, ווי צו מאכען דעם ארבייטער טעמפע אום צו קענען איהם מעהר דריקען. דער ארבייטער דארף פארקערט קלערן, ווי צו פארקירצין דעם ארבייטסטאג, פארגרעססערן די שכירות, פאר-היטען דאס געזונד, ווי צו געבין אויסרוהען דעם מארך, אז דער מח זאל קענען ביי איהם ארבייטען, ווי ער זאל האבען צייט ארומצוקוקען זיך ארום זיך, ווי ער זאל האבען געלד אונ צייט זיך צו בילדען.

***

מיר האבען געזעהען, אז די ארבייטער פארלירען זייער גיזונד צוליב דעם, וואס זיי ארבייטען אהן א שיעור, מיר האבען גיזעהען, אז זיי ווערן קראנק אויף פערשיעדענע קראנקהייטען. אבער אויסער דעם ווערען זיי נאך אפט קאליקעס אויך, זיי בלייבען אהן הענד, אהן פיס, אהן פינגער אונ אמאל פאלין זיי גאר אונטער די רעדער אונ ווערין צומאלט אויף אש... אונ ווער איז דעריין שולדיג? ערשטענס אונ איבערהויפט דער לאנגער ארבייטסטאג. אז דער ארבייטער שטייט לאנג ביין מאשין 13, 14 אונ 15 שעה אונ האט ניט קיין צייט ווען אבצודיכענען, אז דער ארביימער האט ניט ווען אבצורוהען פון דער ארבעט; אז דער ארבייטער לאזט אין פאבריק מעהר כח, וויפיעל ער באקומט פון זיינע גוטע עסין; אז דער ארבייטער איז, מיט איין ווארט, ווי א רעדיל אין מאשין, וואס מען שמירט ווייניג אונ דרייט שטענדיג, איז דענן א וואונדער, אז דאס רעדיל ברעכט זיך, פלאצט, ווערט אן די ציינ-דלעך אונ הערט אויף צו ארבייטען? איז עס דענן א וואונדער, וואס דעם ארבייטער, ביי וועלכען עס איז נישט דא איין געזונדער ארט אין קער-פער, ביי וועלכען דער קאפף האלט זיך קוים אויף די פלייצעס פון מידיגקייט, איז דענן א וואונדער, פרעגט זיך, וואס דעם ארבייטער

איז שווער זיך צו פארהיטין פון סבות? אז מיט זיי טרעפט זיך דאס אזוי אפט? עס איז שרעקליך צו בעקלערין, וויפיל אומ-זיסטע קרבנות עס ו׳ערין גיבראכט!... אבער אז דער ארביימסטאג וואלט געוועזען קירצער, אז דער ארבייטער וואלט האבען מעהר צייט זיך אויסצורוהען, אז ער וואלט ניט געוועזין אזוי שוואך, אז זיין קאפף וואלט זיך איהם ניט מישען, וואלט ער זיך קענען מעהר פארהיטין, וואלטען זיך געטראפען ווענינער סבות. אז דאס איז ריכטיג, זעהען מיר פון דעם, אז די סבות טרעפען זיך וויינינער אין דער פריה, ווען דער ארבייטער קומט צו דער ארבעט נאך דעם, ווי ער האט זיך אויסגירוהט די נאכט; אונ קעגען אבענד אונ ביי נאכט זיינען שוין זיינע אברים מיד, צובראכען, אונ דעריבער טרעפען זיך דאן די גרעסטע טהייל סבות מיט ארבייטער. ווען מען זאל אנהייבען צו רעכענען פון אנהייב טאג ביזן סוף, זעהט מען, אז וואס מיט א שעה שפעטער, טרעפען זיך אלץ מעהרער סבות, מעהר ניט אין מיטין טאג, גלייך נאך מיטטאג, טרעפען זיך וויינינער סבות, ווייל דאן זיינען די ארבייטער א ביסיל אויסגערוהט אונ אין—אבענד, א זייגער 6—7 טרעפין זיך אויך וויינינער סבות, ווייל דאן שטעלט מאן אוועק די מאשינען אונ מען רייניגט זיי. אלזא זעהען מיר, אז ווען דער ארביי-טער איז אויסגערוהט, דאמאלס טרעפען זיך מיט איהם וויינינער סבות. אונ פארקערט וואס מעהר ער הארעוועט, וואס מעהר ער איז פארמאטערט, טרעפען זיך מיט איהם אלץ מעהר סבות, דאס הייסט, דער לאנגער ארבייטסטאג ברענגט צו סבות, צו אומגליקען, דורך וועלכע צעהנדליגע ארבייטער שטארבען אהן א צייט אדער ווערען קאליקעס אויף אייביג. אבער סבות, וועט מען זאגען, טרעפען זיך ניט נאר דורך דעם, וואס מען ארבעט צו לאנג, והא ראיה, עס טרעפען זיך דאך סבות אין דער פריה אויך, ווען די ארבייטער זיינען אויסגע-רוהט, ווי אזוי איז דאס? די אורזאכע פון אזעלכע סבות ליגט אין די צושטאנדען פון דער ארבעט. אין די פאבריקען זיינען אפט אויס עקא-נאמיע אנגישטעלט א מאשין אויף א מאשין, די ארבייטער האבען פשוט זיך ניט וואו א קער צו טהאן, דעריבער איז קיין וואונדער נישט, אז איין ארבייטער דרייט זיך דארטין אריין אין א מאשין אונ זי האקט איהם

אפּ העגד אונ פּוס. ובכן קומען דא ארויס די סבות פון דער איינגקייט. ווייטער, אין אויסלאנד אונ אין רוסלאנד אונ פּוילען זיינען הונדערטער טויזענדער ארבייטער פארנומען אין די קוילען-גריבער. דאַרטען קלייבען זיך אן זעהר פיעלע גאזען, וועלכע צינדען זיך אן פון דער מינדעסטער אורזאכע אונ דאן ווערען געהארגעט אונ קאליעצעט אללע ארבייטער, וואס טהוען אין די גריבער. עס זיינען פאראן אזוינע מאַ-שינען, מיט וועלכע מען קען דעם גאז ארויספּומפּעווען פון די גריבער, נאר די בעלי בתים, רייכע לייט, מיליאנערן, קארגען דאס געלד אויף צו קויפען די מאשינען, אונ דעריבער ווערען אללע יאהר טויזענדער ארבייטער געהארגעט אונ קאלעצעט פון דעם גאז. אויסערדעם איז פאראן נאך פיעל מיטלען צו פארהיטען די ארבייטער פון אלער-ליי סבות, אבער יעדער מיטעל קאסט געלד, יעדעס מיטעל מוז אנריי-רען דעם פאבריקאנטס קעשענע אונ דעראיבער זאגען זיי, אז איידער אנצורירען אונזער קעשענע, בעסער זאלען די ארבייטער ברעכען די קעפּ, זאלען זיי זיך היטען אונ אויב זיי קענען זיך ניט איינהיטען, ווענן ארט דאס? איהר וועט זיך פרעגען: אבער זיינען דען ניט דא אזעלכע דינים, וואס זאלען נייטיגען די בעל הבתים אריינפיהרען די אללערליי פארזיכטסמיטלען צו פערהיטען די ארבייטער פון סבות? יע, עס איז דא אזא דין, אבער הערט, וואס ער זאגט. דער פאבריקאנט, וואס פיהרט ניט ארייין ביי זיך אין פאבריק אזעלכע פארזיכטסמיטלען, וועלכע עס זענען שוין אריינגעפיהרט ביי די אנדערע פאבריקאנטען, דער ווערט בעשטראפט: אט אזוי זאגט דער דין. ווי איז אבער, אז שכנישע פאבריקאנטען פירען אויך ניט אריין, ווייל זיי האלטען דאס פאר איבעריג, איז דאך איינער צוליעב דעם אנדערן פטור, טא וואו איז די שטראף, וואו זוכט מען דין אונ יושר? אונ אויב שוין יע זוכען דען דין, טא ווי קען דאס דער ארבייטער דערגרייכען? נאכ'ן דין נאך דארף דער ארבייטער אליין דערווייזען, אז אין דער סבה איז שולדיג דער פאבריקאנט אונ ניט דער ארבייטער אונ דעריבער, כדי צו זוכען משפטים, דארף דער ארבייטער האבען צייט אונ געלד אונ אזוי ווי ער האטביידע זאכען ניט, קען ער גאר נישט טהון ענטקעגען דעם בעל הבית, דער פאבריקאנט אבער האט אדוואקאטען, וועלכע מאכען פאר

געלד פון שווארץ ווייב: דער כלל, מיט געלד קען זיך יעדער פאבריקאנט ביי אונז אין רוסלאנד אויסלייזען פון דעם, ער זאל נישט דארפען היטען די זאקאנעס אונ איבערהויפט, זענען די זאקאנעס אזוי געשריבען געווארען, אז מען קען זיי דרייהען אהער אונ אהין, דערפאר קען שוין דער ארבייטער פון סוד, פון געריכט, אויף קיין הילף פאר זיך ניט ווארטען. נאר עס זיינען דאך די פאבריצנע אינספעקטארען, וואס דארפען פערהיטען דעם ארבייטער פון דעם מייסטער'ס עולות אונ אונטערדריקונגען, וואס דארפען פערהיטען די ארבייטער פון סבות, וואס שווייגען זיי. ערשטענס זיינען דא אזוי ווייניג אינספעקטארען, אז זיי האבען גאר די מעגליכקייט נישט אויף אלץ אכטונג געבען. צווייטענס זיינען זיי אויך זינדיגע מענשען, ניט בעסער פאר אנדערע אונ דערצו איבער ענטזאגען זיי זיך ניט אמאל פון א מטבע אויך; דריטענס, ווי מיר האבען שוין געזעהן, קאנן מען דעם דין אננעמען ווי מען וויל, איז דעריבער פון די פאבריק-אינספעקטארען אויך קיין הילף ניט צו ערווארטען. אט האט איהר די אללע וועגען, אויף וועלכע מען קען, ווי עס דאכט זיך, געפינען א פארגרינגערונג, דא האט איהר אי דעם דין, אי דעם דיין, פון וועלכע מען ווארט הילף, אונ אט זעהט איהר ווי זיי העלפען. יא, זיי העלפען! ביי אונז אין רוסלאנד ווערען צו-קאלעצעט יעדעס יאהר כמעט צעהן טויזענד ארבייטער. 10 טויזענד פון 2 מיליאן ארבייטער! דאס איז שרעקליך, וועט איהר זאגען. אבער דאס איז פארט אזוי! די אללע מיטלען, וועלכע קענען אונז פארהיטען פון טויט פאר דער צייט, וויל מען ניט, קיין דין אונ קיין יושר איז ניטא, טא וואס דארפען מיר טאן? צו וועמען זיך ווענדען? צו זיך אלליין. צו אייגענע ברידער-ארבייטער, וואס ליידען אללע פון דער זעלביגער זאך! אבער וויע קענען דאס די ארבייטער בעקלערן וועגען זיך אליין אונ נאך מעהר וועגען זייערע ברידער אונ שוועסטער, וועגען דעם כלל, ווי מען זאגט? אז דער ארבייטער קומט 10 אדער 11 אוהר אונ אמאל שפעטער אויך פון דער ארבייט, אז זיינע גלידער זיינען ביי איהם פארמאטערט, צובראכען, זיין קאפף קוים וואס ער האלט זיך; ער קומט אהיים, געפינט ער קעלט אונ אומעט, זיינע פארמאטערטע קינדערלעך זיינען צו פאלען ווי די סנאפעס, זיין ווייב, וואס האט געהארעוועט

ניט הויינינגער פאר איהם, פאלט אויך קוים שלאפען, אז עס איז מיט איין ווארט פינסטער אונ אומעטיג אין אללע ווינקלען — טא ווי קען ער שוין דאן האלטען זיין פארמאטערטען קאפּ, ווי קען ער קלערין וועגין וואס עס איז? ער פאלט אויך קוים אויפען בעטעל, אום מארגען ווייטער צו לויפען אין דען זעלביגען גיהינום, ווייטער זיך איינשפאננען ווי דער אייזעל! אט אזוי, פון טאג צו טאג, זיין גאנץ לעבען פון דעם גיהינום אין די פינסטערע קאלטע שטוב אונ צוריק! אונ אז דער אומעט פון שטוב טרייבט איהם ארויס אויפ'ן גאס, וואס פאר א פארגניגען קען זיך נעהמען דער ארבייטער? וואהין קען ער גיין? ער גייט אין שענק, וואו ער קריגט א ביסעלע בראנפען, וואס דערוואַרמט זיינע צו־בראכענע פערמאטערטע ביינער, ער גייט אין שענק, וואו עס טרעפט זיך א קערטיל, א ביליארד, וואס שלאגט א ביסיל פאנאנדער זיין אומעט אונ צוהיצט די אבגעשוואכטע גלידער! אבער דארטען געפינט ער דאך ווידער אליץ אזעלכע זאכען, ביי וועלכע עס קומט איהם ווידער ניט אויס צו טראכטען ניט וועגען זיך, ניט וועגען דעם צווייטען, ניט דער קאפּף ווערט ביי איהם שטארקער, ניט דאס הארץ ווייכער אונ בעסער, נאר פארקערט דאס ווערט פארגליווערט. דער ארבייטער קוקט אליץ ווייטער גלייכגילטיגער אויף זיין עלענד אונ אז עס טרעפען זיך ביי איהם אזעלכע מינוטען, ווען זיין הארץ וויינט יא, צוזעהענדיג אזוי פיעל עלענד אונד טרויער ארום זיך, טא וואס קען ער העלפען? אז ער האט ניט קיין צייט צו קלערען וועגען זיך, אז עס ליעגט איהם ניט אין קאפּף צו ווייזען פריינדשאפט צו זיין ווייב אונ קינד, טא ווי קען ער באווייזען פריינדשאפט אקעגען אנדערע, אקעגען כלל? יא, די ארביי־טער ווערען פארגרעבט, ווייל זיי האבען ניט ווען אונ וואו זיך צו לערנען איידעלקייט, ווייל זיי געפינען זיך אדער ביין מאשין, אדער אין שענק, אדער אין קאלטען, פינסטערן שטיבעל, אהן מענשין, אהן ביכער, אהן אללע פארגניגען, וואס עדעלן אויס דעם מענשענס כא־ראקטער, וואס בילדען איהם אויס, וואס מאכן איהם פאר א מענשען, וואס איז ניט ווי א ווילדע חיה, ווי אללע בהמות! אבער, אז דער אר־בייטער וועט טאן וויניגער, וועט ער ניט זיין אזוי אבגעשוואכט, וועט ער נישט דארפען אנקוממען צו דער בישטערער משקה, זי זאלל איהן

ערקוויקען, ער וועט געפינען אין דער היים זיין ווייב און קינדער, וועלכע וועלען ווארטען אויפ'ן פאסטעד מיט דער וויעטשערע. אז ער וועט געפינען וואס עס איז פאר א פארגניגען אין דער היים, וועט ער אזוי ניט לויפען אין שענק. אין ענגלאנד צייט א יאהר 25, זינד עס האט זיך פארקירצט דער ארבייטסטאג, האבען די ארבייטער אנגעהויבען צו טרינקען א סך וויניגער בראנפען. הייסט אז דער לאנגער ארבייטסטאג פערדערבט דעם כאראקטער פון די טאטעס און די מאמעס, טא ווי ווירקט דאס אויף די קינדער, אויף זייער ארענטליכקייט? עס קומען פאר צווישען ארבייטער אזעלכע זאכען, צוליעב וועלכע אללע האבען צו זאגען, אז ארבייטער זיינען פארברעכער, אויסגעלאססענע און אזוי ווייטער. אבער ווי קען דאס זיין אנדערש, אז זייערע שכירות זענען קליין, ווייל זיי ארבייטען צו פיעל, אז אום צו קענען דורכלעבען מוזען זיי שיקען זייער ווייב און קינד אין פאבריק, אז די ארבייטערס קינדער זענען מיט די גרויסע צוזאממען פון קינדהייט אויף און זעהען שטענדיג דאס, וואס זיי דארפען ניט זעהן? ווי ביי אונז אין רוסלאנד קומט פאר, זיינען די גרויסע און קליינע, מאנסביל און ווייבער, אללע צוזאממען ניט נאר ביי דער ארבעט, גאר זיי שלאפען אויך צוזאממען, טא ווי קענען זיי ניט זיין אויסגעלאססען? ווי קענען די קליינע קינדער לערנען זיך זיין ערליך, אז ארום זיי קומען פאר שטענדיג גנבות און גזלות? אז דער בעל הבית, דער רייכער פאבריקאנט אפילו זוכט אויך וואס מעהר צו גזלנ'ען און אויסצונארען, טא ווי זאלען זיך די ארבייטער פון קינדהייט אויף לערנען צו זיין עהרליך?

* * *

יא, אללע צושטאנדען פון דער ארבייט, וועלכע גיבען ניט א מינוט צייט, ארומצוקוקען ארום זיך און פרעגען זיך, וואס טהוט זיך מיט מיר, מיט מיין ווייב, מיט מיין קינד, פאר וואס זיינען מיינע קינדער ניט עהרליך, פאר וואס זיינען פארהאנען אזוי פיעל פערברעכער צווישען ארבייטער — די אללע צושטאנדען ברענגען די ארבייטער צו אזוינע זאכען, פאר וועלכע מען האלט זיי פאר בהמות! זיי האבען ניט ווען זיך צו באקלערען, זיי האבען ניט, ווען זיך צו לערנען, ווען אויס-

צובילדען זייער כאראקטער, זייער געפיהל! די ארבייט אהן א שיעור נעמט אוועק זייער כח, זייער מח, צוליעב די ארבייט אהן א שיעור, איז זייערע שכירות אזוי קליין, אז זיי האבען ניט אויף די נייטיגסטע זאכען, צוליעב די ארבייט אהן א שיעור, בלייבען זיי קאליקעס אונ שטארבען פאר דער צייט, מוזען זיי אוועקשיקען זייערע שוואכע קינ־דערליך אין די פאבריקען, וואו זיי לאזען זייער געזונד אונ ווערען אלט פאר דער צייט! יא, דאס אלץ האבען די ארבייטער פון דער הארעוואַ־ניע אהן א שיעור, פון דעם לאנגען ארבייטסטאג. אונ דעריבער אום זיך צו העלפען, אום צו העכערען די שכירות, אום צו פערהיטען דאס געזונד, אום צו לעבען אזוי לאנג ווי די אנדערע מענשען, אום ניט צו בלייבען א בהמה, וואס פארשטייט ניט, וואס מיט איהר איז, אום צו קענען לערנען, אום צו האדעווען די קינדער, אז זיי זאלען ניט דארפען זיין אויסגעלאסען אונ פערברעכער, אום צו האבען, ווען צו קלערען וועגען זיך אונ דעם כלל — דארף מען אנווענדען אללע קרעפטען, אום צו ארבייטען וואס וויינינגער, אום זיך צו דערשלאגען א קירצערין ארבייטסטאג.

*
* *

אבער ווי מאכט מען דאס, אז מען זאל ארבייטען וויינינגער? גאר איינפאך. ביי אונז אין רוסלאנד איז דא א זאקאן, נאך וועלכען די בעל־מלאכות טארען ניט ארבייטען מעהר ווי 12 שעה אין טאג אונ אין דער צייט א האלבע שעה אויף א יבערבייסען אונ אנדערטהאלבען שעה אויף ווארמעס. דער זאקאן עקזיסטירט שוין איבער הונדערט יאהר, נאר פון דעסטוועגען היט מען איהם ניט, ווייל די בעל הבתים לוינט איהן ניט צו היטען. די ארבייטער זיינען זעהר אונוויסענדע מענשען אונ דעריבער האבען זיי ניט געוואוסט, ניט אז עס איז דא אזא זאקאן, ניט וואס פאר א נוטצען ער קען זיי ברענגען. דעריבער איז ניט קיין וואונדער, אז אין די אידישע ווערקשטאטען, ווי אין די רוסישע אונ פוילישע, ארבייט מען 14, 15 אונ 16 שעה. אבער ווי אזוי קענען די ארבייטער איינפיהרען, מען זאל ארבייטען 12 שעה אין טאג? זיי דארפען דערקלערען איינער דעם אנדערן דעם נוטצען פון א קירצערען

ארבייטסטאג, דער נאך אנגעבען פראסבעס צו די גובערנאטארען אונ אויף די פראסבעס זאלען זיך אונטערשרייבען אללע ארבייטער אונ בעטען, אז דורך פאליציע זאל מען נייטין די בעל הבתים אפלאזען די ארבייטער נאך 10 שעה ארבייט. — טאמער וועט איין ארבייטער זאגען: וואס דארף איך ריידען מיט ארבייטער אונ דערקלערען דעם נוטצען פון א קירצערען ארבייטסטאג? איך וועל אליין אנשרייבען א פראסבע דעם גובערנאטער, אז אין די אונ די ווערקשטאטען היט מען ניט דעם זאקאן וועגען 10-שעהדיגען ארבייטסטאג אונ דאנן וועט די פאליציע נייטען צו ארבייטען מעהר ניט ווי 10 שעה אונ אויף אזא אופן וועל איך אהן קיין שום מיה טהון די ארבייטער די גרעסטע טובה. אזא מיינונג איז דורכאוים פאלש: כל זמן די ארבייטער וועלען ניט פארשטיין דעם נוטצען פון א קורצען ארבייטסטאג, וועלען זיי העלפען דעם בעל הבית ניט צו היטען דעם זאקאן, זיך ווי עס איז ארוים-דרייען פון איהם. זיי וועלען זאגען פאר דער פאליציע, אז זיי ארבייטען טאקי ניט מעהר ווי 10 שעה, זיי וועלען זיך בעהאלטען, ווען די פאלי-ציי וועט קומען אונ דערנאך וועלען זיי זיך ווייטער זעצען צו דער ארבייט. מעהר ניט דאנן, ווען אללע ארבייטער וועלען פארשטיין דעם נוטצען פון א קורצען ארבייטסטאג אונ וועלען זיך זעהן טאן ווייניגער, דאן איז מעגליך איינצופיהרען, אז מען זאל ארבייטען ניט מעהר ווי 10 שעה אין טאג. נור חאטיש עס איז פארהאנען א זאקאן אונ אפילו די ארבייטער זאלען וועלען ארבייטען מעהר ווי 10 שעה, איז דאס נאך פון דעסטוועגען אלץ ווייניג, מען זאל אין דעראמת'ן ארבייטען מעהר ניט ווי 10 שעה. די בעל הבתים ווייסען גאנץ גוט, אז זיי האבען צו דער פאליציע א סגולה: מיט א פאר רובעל קויפט מען זי אב, אונ דאנן זאללען נאר די ארבייטער וועלען ארבייטען 14 — 15 שעה, וועט זיך שוין די פאליציי ניט אריינמישען; דעריבער זייגען די בעל הבתים אב די ארבייטער, וואס ווילען טהאן מעהר ניט ווי 10 שעה. אלזא, כדי איינצופיהרען דעם 10-שעהדיגען ארבייטסטאג, קומט כמעט שטענדיג אוים פו מאכען שטרייקען, דאס הייסט, גאר אין גאנ־צען אוועקווארפען די ארבייט אונ ניט אנהייבען צו טהון, ביז וואנען די בעל הבתים זיינען ניט מסכים, אז מען זאל טהון מעהר ניט ווי 10 שעה.

נור צו דארף מען זיך שוין בעגניגען מיט א צעהן-שעהדיגען ארבייטסטאג, צו וועט ער נישט זיין פון די ארבייטערס זייט א צו-קליינע פארדערונג? יעדער פון אייך וועט נאטירליך ענטפערן: ניין, מיר קאננען זיך נישט בעגנוגענען, מיר ווייסין יעטצט, אז וואס קירצער דער ארבייטסטאג איז,אלץ בעססער איז פאר אונז אללען. אין א סך פאבריקען אין רוססלאנד אונ פוילען ארבייט מען 13, 14 אונ אפילו מעהר שעה אין טאג; די ארבייטער פון די פאבריקען וועלען זיך שוין גליקליך פיהלען, ווענן זיי וועלען אנהייבען ארבייטען 10 שעה אין טאג. נור שטעהען בלייבען טארען זיי נישט, ווייל דאס איז נאך אלץ ווייט פון א חאטש וויפיעל עס איז אנשטענדיגען לעבען, פון א מענשליכען, נישט-בהמה׳שען לעבען. אבווארטענדיג א ביסעל נאך דעם ערשטען זיעג, נאך דעם ערשטען נצחון, דארפען זיי זיך נעהמען ווייטער פאר׳ן קאמפף אום צו דערגרייכען וואס ווייטער אלץ בעס-סערע אונ בעססערע צושטאנדען, אלץ א קירצערן אונ א קירצערן אר-בייטסטאג. אין א סך ערטער איז יעטצט שוין דער ארבייטסטאג 10 שעה, נור די ארבייטער זיינען נאך אלץ נישט צופריעדען אונ קאננען נישט זיין צופריעדען. אזוי, צום ביישפיעל, אין פעטערספבורג אויף אללע מעכאנישע רעגיערונגס-פאבריקען, ווי אויך אויף עטליכע אנדערע, ציעהט זיך דער ארבייטסטאג (נישט רעכענדיג די איבער-שטונדען) פון 6 אין דער פריה ביז 6 פאר נאכט, א חוץ די צוויי שעה אויף פריהשטיק אונ וואַרמעס: אבער די ארבייט איז אזוי שווער אונ שוואכט אזוי אב, אז די ארבייטער קאננען זיך ווידער נישט אבגעבען מיט זיך אונ די צאהל פון אונגליקליכע סבות איז זעהר גרויס. דערפון זעהט מען פשוט ארויס, אז אפילו א צעהן-שעה׳דיגער ארבייטסטאג קאנן נישט צופריעדען שטעללען, נישט דען בעל-מלאכה אונ נישט דען פאבריק-ארבייטער.

וואס-זשע פאר איין ארבייטסטאג וועט שוין גוט זיין? נאך דער מיינונג פון דאקטוירים אונ א סך אנדערע מענשען, אויף וועלכע מען קאנן זיך פערלאזען, איז דער נארמאלע ארבייטסטאג, דאס הייסט, דער ארבייטסטאג, פון וועלכען דעם ארבייטערס געזונד וועט נישט ליידען, נור דער אכטשעה׳דיגער ארבייטסטאג. אונ

ווירקליך, נאר אכטשעה'דיגע ארבייט מאכט נישט דען ארבייטער אי-
בערמיד, פערדערבט נישט זיינע פעהיגקייטען און איז פאר איהם דערפאר
פערגלייכסמעססיג ווענינ שעדליך; נור אין דאנן קאננען די אר-
בייטער מיט נוטצען פערברייננען די לעדיגע צייט, די פרייע שעה,
קאננען זעהן טהון עפיס פון זייער בילדונגס אונ ענטוויקלונגס וועגען
אונ עסק'ן זיך מיט דער גאנצער ארבייטערלאגע; אונ ענדליך דא-
מאלס וועט זיך העכערן די שכירות אויף אזויפיעל, אז זיי וועלען
קעננען לעבען, ווי מען זאגט, מיט לייטען צוגלייך. אונ מיר זעהען
טאקי, אז וואו דער אכטשעה'דיגער טאג איז איינגעפיהרט געווארען,
האט ער אומעטום זעהר גוט געווירקט ווי אויף דער געלדלאגע אונ דעם
געזונד פון די ארבייטער, אזוי אויך אויף זייער גייסטיגער אונ זיטטלי-
כער ענטוויקלונג. אזעלכע ביישפיעלע האבען געטראפען אפילו ביי
אונז אין רוססלאנד. נישט לאנג האט מען אין א פאפיער-פאבריק
נעבען האמעל, מאהילובער גוב., איינגעפיהרט דען אכטשעה'דיגען
טאג אנשטאטט דעם פריערדיגען 12-שעה'דיגען אונ מען האט
בעקוממען די גלענצענדסטע רעזולטאטען. אויף דער פאבריק האבען
געארבייטעט די בויערן פון די ארומיגע דערפער; דער גרעסטער טהייל
פון זיי האט גאר קיין ערד נישט געהאט, אונ ווער עס האט יא געהאט
א קליינע בעל-הביתישקייט, איז זי געוועזען שטארק פערלאזען. צווישען
די ארבייטער איז שטארק געוועזען די שכרות, אונ אט אין פערלויף
פון פינף חדשים נאך דער איינפיהרונג פון דעם אכטשעה'דיגען טאג
האט זיך די לאגע פון די ארבייטער גאר אין גאנצען געביטטען. די
בויערן, וועלכע האבען געהאט ערד, האבען זיך ווידער געקאננט
נעהמען בעארבייטען זי; אונ די, וואס האבען קיין ערד נישט געהאט,
האבען בעקוממען די מעגליבקייט, ווי עס איז ארויסצוקריכען פון דער
ארמקייט אונ פערפירערן זיך מיט א שטיקעל בעל-הביתישקייט; די
שכרות איז בעדייטענד וויניגער געווארען. דאס איז א פאקט, וואס
יעדער אין יענער געגענד וויים זעהר גוט. אונ אזעלכע ביישפיעלע
קאנן מען אויפווייזען מאססענווייז. די ארבייטער אין די אנדערע
לענדער (אין ענגלאנד, פראנקרייך, דייטשלאנד, עסטעררייך, אמעריקא)
האבען שוין לאנג פערשטאננען דען ווערטה פון איין אכטשעה'דיגען

ארבייטסטאג אונ בעשלאָססען דערשלאָגען זיך איהן. צוליעב דעם האבען זיי אויך איינגעפיהרט דען וועלט-יום-טוב פון ערשטען מאי. אין דעם טאג ווארפען זיי די ארבייט אונ אין גרויסע מאססען פון טויזענדער מענשען שפאצירען זיי ארום איבער די גאססען מיט פערשידענפארביגע פאהנעס אונ פאָדערן די איינפיהרונג פון דעם אכטשטונדיגען ארבייטסטאג. אין איינינע ערטער האט עס זיך זיי שוין איינגעגעבען, חאטש די פאבריקאנטען האבען עס שטארק נישט געוואלט. די פאבריקאנטען האבען שטארק מורא פאר איין אכטשטונדיגען ארבייטסטאג, חאטש זיי וועלען פון איהם גאר קיין היזק נישט האבען. זיי דארפען האבען אונוויססענדע ארבייטער, דערשלאגענע, אונטערטעניגע, אונ זיי ווייסען, אז ווי דער ארבייטסטאג וועט פארקירצט ווערען, וועט פערשוואונדען ווערען די דערשלאגענהייט און אונוויססענהייט פון די ארבייטער אונ מיט דעם וועט קוממען א סוף צו זייער הערשאפט איבער די ארבייטער. אט פאר וואס זיי וויללען עס נישט אונ קוקען מיט אזא שרעק אויף די נייע זיעגען פון די ארבייטער. „אכט שעה ארבייט, אכט שעה שלאף אונ אכט שעה רוה אונ פערגניגען!". דאס פאָדערן אונזערע ברידער אין אויסלאנד. דאס בעקוממען דארפען אויך מיר, רוססישע אונ פוילישע ארבייטער. איין פונקט מוזען מיר שטארק אין אכט נעהמען. זעהר אפט, ווענן די ארבייטער גיט זיך איין אויסקעמפפען זיך איין קירצערן טאג, לאזען זיך די בעלי-בתים אויף א שווינדעל, דורך וועלכען זיי פיהרען איין דען פריהערדיגען טאג אדער פערלייגגערן איהן אפילו. מיר רעדען דא וועגען איבערשטונדיגער ארבייט, וועלכע ווערט א ביסעל בעססער בעצאלט, ווי די געוויינליכע טאגארבייט, אונ נעמליך, ווענן עס ענדיגט זיך דער געשטעללטע טאג, לעגט פאר דער פאבריקאנט די ארבייטער, זיי זאללען נאך אויף עטליכע שעה ארבייטען אונ פאר איין שעה איבערשטונדיגער ארבייט וועלען זיי בעקוממען ווי פאר אנדערטהאלבען שעה געוויינליכער ארבייט, אזא „פאריאדאק" איז געווען צום ביישפיעל אויף די פריהער דערמאנטע מעכאנישע פאבריקען אין פעטערבורג. דער געוויינליכע ארבייטסטאג איז פון 6 ביז 6; נאר ביי עקסטרא-ארבייט ציעהט ער זיך ביז 10 אוהר אבענדס אונ פאר די

איבריגע 4 שעה צאלט מען ווי פאר 6 (און א מאל נאך וועניגער), די ארבייטער לאזען זיך איין אויף די איבערשטונדען, ווייל זיי מיינען, אז זיי שאדען נישט די ארבייטער-אינטערעססען, אין דער'אמת'ן אבער, קומט ארויס די ארבייטער א גרויסע רעה פון די איבערשטונדען. נאך דעם, וואס עס איז גערעדט געווארען אין דעם ביכעל, איז עס לייכט צו פערשטעהן, אין וואס שטעקט דא דאס אומגליק. מיט איינפיהרונג פון איבערשטונדען חזר'ן זיך איבער אללע פורעניות'ן, וואס מיר האבען פון ארבייטען אהן א מאס : די אבגעשוואכטהייט פון קערפער און פון גייסט, די דערשלאגענהייט פון די ארבייטער, די גרויסע צאהל פון אונגליקליכע סיבות, דאס שטארבען פאר דער צייט. נור דאס, וואס ציעהט צו די ארבייטער צו די איבערשטונדיגע ארבייט, דאס גרעססערע פער-דיענסט, איז אויך מעהר נישט ווי א חלום, ווי א פאלשע האפנונג. די איבערשטונדיגע ארבייט ברייננט צו די אללע צושטענדען, צו וועלכע עס ברייננט דער לאנגער ארבייטסטאג : די צאל פון די געמאכטע סחורות ווערט גרעססער, דארף מען אלזא וועניגער ארבייטער און עס ווערט גרעססער די צאהל פון לעדיגגעהענדיגע ארבייטער ; דורך זיי ווערט קלענער די שכירות — פון שטיק אדער פון טאג — אז סוף כל סוף בלייבט דעם ארבייטערס פערדיענסט, נישט קוקענדיג אויף דען גרעס-סערן מקח פון די איבערשטונדען, נישט נור ווי פריהער, נור קלענער נאך. פערקערט, וועגן די ארבייטער וועלען זיך אבזאגען ביי איין עקסטרא-ארבייט פון איבערשטונדען, וועט דער פאבריקאנט מוזען צו-נעהמען נייע ארבייטער, און דאס וועט פערקלענערן די צאל פון די לעדיגע ארבייטער און דורכדעם וועלען די ארבייטער קעננען דער-גרייכען גרעססערע שכירות. דער פאבריקאנט וועט דאך נישט איינ-פיהרען נייע מאשינען צוליעב איין בעשטעללונג, אז דערנאך זאללען זיי שטיין אהן ארבייט. אויסערדעם דארפען מיר נישט פערגעססען, אז די איבערשטונדיגע ארבייט וועט אנמאכען קריעג און מחלוקות צווי-שען די ארבייטער אליין : איינע, די בעווייבטע צום ביישפיעל, יאגענדיג זיך נאך מעהר פערדיענסט, חאטש דאס מעהר פערדיענסט וועט דויערן א קליינע ווייל(ע) אדער פון איהם וועט זיך גאר ניט אויס-לאזען, וועלן מסכים זיין אויף איבערשטונדיגע ארבייט, און אנדערע,

ביי וועלכע די פרייע צייט איז טייערער פאר עטליכע קאפיקעס,וועלען עס נישט וועללען. עס וועט אויסברעכען א קריעג, וואס וועט אבנעהמען ביי די ארבייטער דאס איינציגע מיטטעל צו פערבעססערן זייער לאגע,ד"ה. די מעגליכקייט צו האלטען זיך יד אחת אונ קעמפפען מיט די בעלי-בתים.

אלזא דארף מען קיין מאל ניט פערגעססען, אז, ווענן מען פאדערט א קירצערן ארבייטסטאג, דארף מען שוין פאראיינס פארדערן, עס זאלל נישט זיין קיין איבערשטונדיגע ארבייט, איבערהויפט נאך דארטין, וואו די איבערשטונדיגע ארבייט איז א מוז. נור פרעגט זיך דאך ווייטער, ווי זאללען דערגרייכען די פאבריק-ארבייטער אללע זייערע פארדערונגען? זיי האבען דאך נישט אפילו דאס געזעטץ, וואס בעשיצט די ארבייטער ביי די קליינע בעלי-מלאכות פון דעם מייסטער'ס בויזען וויללען. סטרייק — איז די סגולה, וועלען מיר ענטפערן. ווענן די ארבייטער ביי די בעלי-מלאכות מוזען זיך האלטען יד אחת אום צו פערהיטען זייערע רעכט, האבען די פאבריק-ארבייטער זיכער קיין אנדער מיטטעל נישט ווי סטרייק וויא געגען די בעלי-בתים, אזוי געגען דער רעגיערונג, ביי וועלכער זיי דארפען ארויספרעססען א געזעטץ, וואס זאלל בעשטיממען די ארבייטס-שעות.

נור אז די ארבייטער זאללען קעננען אויף איין מאל ווארפען די ארבייט, אז זיי זאללען זיך קעננען האלטען פעסט אין א סטרייק אונ נישט אבלאזען פון זייערע פארדערונגען, דארפען זיי זיך פעראייניגען, א בונד מאכען, צוזאממענגעהמען זיך. נור געהערענדיג צו איין בונד, צו איין חברה, צו איין ארגאניזאציאן, וועלען די ארבייטער צוטרויען האבען איינער צו דעם אנדערן, וועלען פערשטעהן די אללגעמיינע אינטערעסען אונ אונטערשטיצען איינער דען אנדערן; נור געהערענדיג צו איין ארבייטער-חברה, קאנן יעדער ארבייטער זיכער זיין, אז קיינער וועט זיך נישט זעטצען ארבייטען, ביז אללעמענס פערלאנג וועט ערפילט ווערען, ביז אללע וועלען צופריעדען געשטעללט ווערען, נור יענמאלט וועלען זיך די ארבייטער האלטען שטארק אין א סטרייק.

אויסערדעם, צו א סטרייק דארף מען האבען געלד, אז די

סטרייקענדע ארבייטער זאללען האבען פון וואס צו לעבען און זאללען זיך נישט דארפען באלד אונטערגעבען; צו דעם צוועק מוזען די ארבייטער, וואס פערבינדען זיך אין איין בונד, אבלייגען, ווער וויע־פיעל עס קאנן, אין איין אללגעמיינע קאססע, קלייבען געלד, מיט איין ווארט, גרינדען ארבייטער-קאססען. מאכענדיג חברות, גרינדענ־דיג קאססען, שטארק שטעהענדיג איינער פאר דען אנדערן, אזוי, אז וועגן איינע ווארפען די ארבייט, זאללען די אנדערע נישט קוממען אויף זייער ארט, — טהוענדיג דאס אלץ, וועלען די ארבייטער דער־גרייכען אלץ; ביסלעכווייס וועלען זיי זיך דערשלאגען צו אלץ א קלענערן און א קלענערן ארבייטסטאג, ביז איין אכטשטונדיגען, און גלייך מיט דעם וועלען זיי זיעגען אין אנדערע וויכטיגע פונקטען און פערבעססערן זייער לאגע. דאביי דארף מען נישט פערגעססען, אז די אללע פערבעססערונגען זיינען גוט און וויכטיג פאר די ארבייטער, אבער נישט פאר די פאבריקאנטען און מייסטערס; דערפאר דארפען די ארבייטער פערלאזען זיך אויף זיך אליין און נישט האפען אויף קיין בעל־טובה׳ניק.

זאללען זיך די ארבייטער פעראייניגען און קעמפפען אין איינעם, זאללען זיי צוזאממענלייגען זייערע בעזונדערע קליינע כוחות, וועלען זיי בעקוממען אזא שטארקע מאכט, וועלכע וועט זיי זיכער ברייננגען צו א קורצען ארבייטסטאג און דורך דעם צו א פרישערן און ליכטיגערן לעבען.

**איינינקייט, פעראייניגונגען, דער קאמפף פאר א קורצען ארבייטסטאג — דאס זיינען דאס ערשטע און הויפטמיטטעל צום פערבעססערן דעם ארבייטערס לעבען.**

# ביילאגע

(וועגען דעם נייען זאקאָן פון 2-טען יוני 1897)

---

ניט לאַנג דויערט דער קאמפף פון די רוססישע אידעשע אונד פוילישע ארבייטער אבער זייט די ארבייטער האבען ערוואכט, האבען זיי מיט אזא ענערגי'ע געפיהרט דען קאמפף פאר זייערע אינטערעסען, אז אפילו די רוססישע רעגירונג האט זיי געמוזט נאכגעבען. דען גרעסטען איינדרוק האָט אויף דער רעגירונג געמאכט דער קאמפף פון די פעטערבורגער ארבייטער פאר די פערקירצונג פון דעם ארבייטסטאג. דען 2-טען יוני פון פאריגען יאהר איז ארוסגעגעבען געווארען א זאקאן וועגען דעם נארמאלען ארבייטסטאג. דאס זאגאנאנטע „געזעטץ וועגען דעם 11 1/2 שטונדיגען ארבייטסטאג" דער זאקאן איז געוועזען זייער קורץ אויסגעדריקט. אונ דער פינאנסמיניסטער צוזאממען מיט דעם מיניסטער פון די איננערליכע אנגעלעגענהייטען (מיניסטער וונוטרענניך דיעל) האבען בעקומטען דען פריקאז (בעפעהל) איהן אויספיהרליכער אויסדריקען. דען 20-טען סענטיאבר זיינען די ערוויטערונגען ארויסגעגעבען געווארען מיט דעם נאמען „פראווילעס (רעגעלן) וועגען די ליינג אונ די גרענצען פון ארבייטסטאג" אונ „אינסטרוקציעס (בעפעהלע) צו די פאבריק-אינספעקטארען". דאס נייע געזעטץ אונ די „פראווילעס" זיינען גילטיג:

1) פאר אללע פאבריקען, זאוואדען אונ ווערקשטאטען, אין וועלכע עס ארבייטען ניט וועניגער ווי 16 מאנן, אדער וועלכע בענוצען א מאשינע (ווי אויך א האנד-ווערקטיש, א סטאנאק);

2) פאר די גאנצע בערג-אינדוסטריע, אונ

3) פאר אללע אייזענבאהן-ווערקשטאטען.

ווי מיר זעהען, קאנן דער זאקאן א ווירקונג האבען אויף זעהר גרויסע מאססען פון ארבייטער. לאמיר זעהען, וואס האבען זיי צו ערווארטען פון דעם נייען געזעטץ.

דער „זאקאן" בעשטעהט פון רעגעלן, וועלכע געהן ניט אויף אללע ארבייטער גלייך. פאר פערשיעדענע ארבייטער בעגרענצט דער זאקאן פעאשיעדען דען ארבייטסטאג. לויט דעם, ווי דער זאקאן וועט

ווירקען אויף די ארבייטסצייט פון פערשיעדענע ארבייטער, קאננען מיר אללע ארבייטער איינטיילען אין 3 גרופפען.

צו דער ערשטער גרופפע געהערען די ארבייטער, וועלכע בעשעפטיגען זיך מיט די זאגענאננטע הילפסארבייטען: דאס שטענדיגע רעמאנט, דאס ארומגעהן ארום די קעססלען, מאשינעס אונ רעדער, הייצען, פערזעהן די פאבריקעס מיט וואססער אונ ליכט, שמיר אונ פייערוועהר (פאזשארניקעס), מיט איין ווארט, א זעלכע ארבייטען, אהן וועלכע די גאנצע פאבריק קאנן נישט אנהויבען צו ארבייטען, אדער וועלכע מען קאנן נור מאכען נאך דער ארבייט.

פאר דיעזע אללע ארבייטער וויים דער זאקאן נור איין רעכט: ער גיט זיי דאס רעכט צו עססען ניט עפטער ווי איין מאל אין 6 שעה (9.60); דאס איז דאס איינציגע רעכט, וועלכע אללע ארבייטער בעקומען פון דיעזעם געזעץ. פאר די אללע הילפסארבייטער איז נישט דא קיין יום־טוב, פאר זיי איז נישט געשטעללט געווארען, וויפיעל זיי זאללען איבערהויפט יעדען טאג ארבייטען. דער הייצער צום ביישפיעל מוז ארבייטען אהן א אברוה 15 שעה אין אללע פאבריקען, אין וועלכע אללע ארבייטער ארבייטען נור 11 1/2 שעה.

אין עקסטרא-פאללען מאג דער ארבייטסטאג פון הייצער אויך לענגער זיין, ביז 18 שטונדען.

ווענן אין א פאבריק טרעפט זיך א שרפה, אדער דער קעססעל אדער מאשינעס ווערען פערדארבען אונ די ארבייט מוז דאריבער זיך אבשטעללען, האט דער בעל הבית, נאך דעם זאקאן, דאס רעכט צו צווינגען די הילפסארבייטער צו ארבייטען, וויפיעל איהם געפעללט.

קורץ, פאר אללע אזעלכע ארבייטער האט דער זאקאן גאר קיין ערלייכטערונג ניט געבראכט.

צו דער צווייטער גרופפע געהערען אללע ארבייטער, וועלכע זיינען בעשעפטיגט אין אזעלכע אינדוסטריען, אין וועלכע מאן קאנן ניט אויפהערען צו ארבייטען אהן שאדען פאר די אינסטרומענטען, אדער פאר דאס מאטעריאל. אין דיעזע אינדוסטריעס טאר ניט, נאך דעם

נייען זאקאן, די ארבייטסצייט דויערן פאר יעדען איינציגען ארבייטער מעהר אלס 24 שטונדען אין 2 נאך אנאנד פאלגענדע מעת לעת, אונ אין יענע 2 מעת לעת, אין וועלכע די בייטאגעדיגע אונ ביינאכ־טיגע ארבייטער בייטען זיך צווישען אנאנד מיט דער צייט, דארף די ארבייט דויערן נישט מעהר ווי דרייסיג שעה. יעדער ארבייטער פון אזעלכע אינדוסטריעס מוז 3 מאל אין חודש זיין גאנץ פריי 24 שעה נאכאנאנד, אין דעם פאלל, ווענן ער ארבייטעט 8 שעה אין מעת לעת, אונ 4 מאל מאנאטליך, ווענן ער ארבייטעט מעהר ווי 8 שעה.

אבער דאס לעטצטע רעגעל איז נישט קיין שטארקער מוז. דער פאבריק-אינספעקטאר האט דאס רעכט אוועקצונעהמען ביים ארבייטער דעם 24-שטונדיגען אברוה. אויך פאר די ארבייטער, ווי מיר זעהען, ברייננט דער זאקאן ניט פיעל.

צו דער דריטטע גרופפע געהערען ענדליך אללע איבריגע אר־בייטער אויף פאבריקען אונ זאוואדען. דער זאקאן האט אבער קיין גיל־טיגקייט נישט פאר אללע אזאלכע פאבריקען, וואו דער ארבייטער איז נישט ווי קיין פערדונגענער, נור ווי איין אננעהמער פון בעשטעללונ־גען. אלזא, איז א גוטע העלפט שטיק-ארבייטער געשטעלט געווארען אויסער דעם זאקאן פון דעם צווייטען יוני, זיי מאגען זיך ווייטער אר־בייטען 14 אונ 16 שעה.

פיר אללע ארבייטער, פיר וועלכע דער זאקאן איז גילטיג, ווערט בעשטיממט א 1/2 11 שטונדיגען ארבייטסטאג, ווענן די ארבייט דויערט נאר ביי טאג, אונ א 10-שטונדיגער, ווענן די ארבייט דויערט אויך א שטיק אין דער נאכט צווישען 9 אוהר אבענדס אונ 5 אוהר מארגענס.

ווענן 2 סמיענעס ארבייטען 18 שטונדען, מעג דער ארבייטער־טאג פערלענגערט ווערען ביז 12 שעה, מיט דער בעדינגונג אבער, אז די ארבייט זאלל דורכשניטליך (אין 2 וואכען) ניט דויערן מעהר אלס 9 שעה אין מעת לעת. ער בעשטיממט די טעג, אין וועלכע עס זאלל נישט געארבייט ווערען 52 זונטאגס אונ 14 אנדערע יום־טובים. אין די טעג מוז דער ארבייטער האבען פאר זיין אפרוה 24 שטונדען. דער בעל הבית קאנן אבער דעם ארבייטער געבען אנ־

שטאט זונטאג איין אנדערען פרייען טאג. די קאטאליקען אונ פראר טעסטאנטען מעגען ארבייטען אין פראוואסלאוונע יום טובים אונ די אידען צום ביישפיעל קענען זיך אויסקלייבען א אנדערען פרייען טאג אין וואך אנשטאט זונטיג. אבער דער זאקאן זאגט גאר ניט וועגען דעם, אז זיי האבען רעכט ניט צו ארבייטען אין זייערע אייגענע יום טובים. פיר די פראוואסלאוונע בעשטיממט דארום דער זאקאן 66 פרייע טעג אין יאהר, פיר ניט פראוואסלאוונע נור 52.

ערב זונטיג אונ ערב יום טוב טאר מען ניט ארבייטען מעהר ווי 10 שעה. ערב ראזשדעסטווא — נור ביז 12 א זייגער ביי טאג. ענדליך בעשטיממט נאך דאס געזעץ, אז אללע ארבייטער, פיר וועלכע דאס איז גילטיג, מוזען בעקומען וויינינגסטענס איין שעה אויף מיטטאג אונ אברוהען, אין דעם פאלל, ווענן דער ארבייטסטאג איז גרעססער פאר 10 שעה. עס פערשטייט זיך אבער פון זיך אלליין, אז דא קעננען אויך געמאכט ווערען אויסנאהמען — ווענן פאר דעם פאבריקאנט איז אזא אברוהה ניט גאנץ בעקוועם, ווי דער זאקאן דריקט זיך אויס, „לויט דעם האראקטער פון דער אינדוסטריע אלליין", אדער ווענן די ארבייטער וויללען איהן נישט.

דאס אונגעפעהר ברייננגט דער נייער זאקן פון צווייטען יוני:

איין גרופפע ארבייטער בעקוממט פון איהם גאר ניט, פאר דער צווייטער בעשטיממט ער א 12-שטונדיגען ארבייטסטאג אונ 36 אדער 48 פרייע טעג אין יאהר אונ פאר דער דריטטער גרופפע בעשטיממט ער דען 1/2 11- אונ א 10-שטינדיגען ארבייטסטאג אונ 66 פרייע טעג. דאס איז געווים ניט פיעל. אבער דאס אויך איז בעגלייט מיט אזוי פיעל אויסנאהמען, אז דאס געזעטץ וועט איבערהויפט קיין שום נוצען נישט ברייננגען די ארבייטער, ווענן זיי וועלען נישט אלליין, מיט די אייגענע קרעפטען, דורך סטרייקען אונ שטענדיגעס פאדערען, דערגרייכען, אז די פאבריק-אינספעקטארען זאללען אויסלעגען דאס געזעטץ ווי פאר זיי פאסט, אונ נישט ווי עס פאסט פאר די בעלי־בתים, נור מיר האבען נאך נישט דערמאנט וועגען דער הויפט אויסנאהמע, וואס מאכט דאס גאנצע געזעטץ כמעט אונניטצליך, נעמליך, די איבערארבייט.

דאס נייע געזעטץ טיילט איין די איבערארבייט אין 2 ארטען. צו דער ערשטען ארט געהערט די מוז-ארבייט, פון וועלכער דער ארבייטער טאר זיך ניט אבזאגען. אזא מין ארבייט טרעפט אין פאל־גענדע פאללען:

1) ווענן וועגען א׳שרפה אדער איבערהויפט וועגען וואס עס איז פאר א אונגליק שטעלט זיך אב די גאנצע ארבייט אין דער גאנצער פאבריק אדער אין איינצעלנע אבטיילונגען, מוז דער ארבייטער אר-בייטען איבריגע צייט אונ טהון אללע די ארבייטען, וועלכע זיינען נויטיג, אז די גאנצע פאבריק זאלל ווידער קענען ארבייטען.

2) אין בעזונדערע זעהר וויכטיגע פאללען קאנן דער פינאנס־מיניסטער צוזאממען מיט דעם מיניסטער פון די איננערליכע אנגעלע-גענהייטען ערלויבען צו ארבייטען איבערארבייט.

3) די איבערארבייט מוז ער אויך מאכען אין אזעלכע פאללען, ווענן די ארט פון דער אינדוסטריע פאדערט א געוויססע צייט שטארקערע ארבייטען. די ארבייטען מוז דער ארבייטער נור דאנן מאכען, ווענן אין די רעגעלען, וועלכע זיינען אויסגעהאנגען געווארען אין פאבריק, זיינען אנגעוויזען די פאללען, ווענן די ארבייטען מוזען געמאכט ווערען, אונ ווענן אין די טאריפען זיינען אנגעוויזען אללע זייערע איבריגע בעדינגונגען.

4) איבערארבייט איז אויך ערלויבט ווי די זאגענאננטע סעזאן-ארבייט, „אויב דעם בעל הבית איז שווער צו דינגען אנדערע ארביי־טער". געוויס ווילט זיך דעם בעל הבית קיין מאל ניט אין די סעזאן-צייט דינגען ארבייטער, דענן אין אזא צייט זיינען זיי געוויינ-ליך טייערער. אין דעם פונקט געהערען איבערהויפט אללע ארבייטען, וועלכע מוזען גיך געמאכט ווערען, צ״םביישפיעל אין די דרוקערייען, וואו מען דרוקט צייטונגען אונ זשורנאלען. קוממט ארויס, אז איבערארבייט איז ערלויבט שטענדיג, ווענן דער קאפיטאליסט דארף.

5) אהער, ענדליך, געהערען נויטיגע ארבייטען, וועלכע עס פאדערט די מלוכה אונ אללערליי ארבייטען ביי טראנספארטען: אנלאדען די שיפען, אנפאקען די וואגאנעס, פעררירכטען אונ אריינ־לאזען די שיפען אין טייך א. ז. וו.

אט א די אללע מוז-איבעראַרבייטען פערלייננערען אהן צווייפעל דען ארבייטסטאג.

דער בעל הבית קענן אויסנוצען די רעגעלען וועגען איבעראַרבייט און נויטיגען דען ארבייטער ארבייטען מיט 1 אדער 2 שעה לענגער, ד. ה. ארבייטען ניט 10 אדער 11 1/2 שעה אין מעת לעת, נור 14 אדער 16 שעה.

נור נישט שטענדיג קאנן דער מייסטער געננג אויכרעדען גע־פיננען, אז דער ארבייטער זאלל איהם מוזען לויט דעם געזעטץ ארביי־טען 14 שעה אין מעת לעת. אונזער געזעטץ האט דאס אויך פער־זארגט וואס וויים צו העלפען דעם מייסטער אין אללע זיינע נויטען. אויסער די אויסגערעכענטע מוז-איבער-שעות, בעשטעללט דאס געזעטץ „גלאט-אזוי" איבער-שעות. דאס זענען ארבייטען, וועלכע דער קאפיטאליסט בעשטעללט שוין נאך זיין אייגענעם פערשטאנד און וויללען. נור די „גלאט-אזוי" איבער-שעות דארפען נישט אריבער-שטייגען 120 שעה אין יאהר. אויף אזא אופן, וועגן ביי דעם קאפיטא-ליסט האבען זיך שוין אויסגענוממען אללערליי אויסרעדען אויף מוז-ארבייטען, קאנן ער ערשט נויטיגען דען ארבייטער אבארבייטען אויף איהן די 120 „גלאט-אזוי" שעות. דאס געזעטץ זאגט אפילו, אז דאס מוז פארקומען דורך איין גוטווילליגען אבמאך צווישען דעם מייסטער און דעם ארבייטער, דאס הייסט, אז דער ארבייטער קאנן זיך אויך אבזאגען פון דער ארבייט. נור ווער וויים עס נישט, אז דער קאפיטאליסט האט טויזענדער מיטטלען, ווי צו נויטינען דען ארבייטער מיט'ן „גוטען וויללען" טהון אלץ, וואס דער בעל-הבית פארדערט, און דא איז נאך א קונץ. די 120 שעה קען ער אבנעהמען ביי'ם אר-בייטער אין איין חודש — און דארט, וועגן ער וועט שוין מער קיין געזעטצליכע וועגען נישט האבען אויף ארויסרייסען ביי'ם ארבייטער איבער-שעות, וועט ער איהן אויעקלאזען און — גלייך צוריקנעהמען. וועגן ער נעמט דען ארבייטער אויף א בעשטיממטע צייט, קאנן ער איהן נייטיגען אבארבייטען די 120 שעה חאטש יעדען חודש.

דער „זאקאן" ווייזט גאר נישט אויף, ווי וועט בעשטראפט ווערען ווער עס וועט איהן איבערגעהן, עובר זיין, און צו וואס? ער איז אזוי

גוט פאר די קאפיטאליסטען, אז זיי וועלען זיך קיין מאל נישט דארי־
פען פערזינדיגען: מען קאנן דאך „על פי דין" פערלייגגערן דען אר־
בייטסטאג אויף וויפיעל מען ווילל — ביז 14, 16 שעה אונ ז. וו. מיט
איין ווארט — כקדם, ווי עס האט זיך א מאל געפיהרט, פאר דעם
געזעטץ.

נור, ווענן דאס געזעטץ איז אזוי שלעכט, טא פאר וואס־זשע
האבען מיר אין אנהויב געזאגט, אז די רעגיערונג, ארויסגעבענדיג דען
זאקאן, האט נאכגעגעבען די ארבייטער?

דורך צוויי אורזאכען:

ערשטענס איז דער זאקאן ארויסגעגעבען געווארען צו בערוהיגען
די פעטערבורגער ארבייטער. זייערע שטרייקען פון 1896 אונ 1897
יאהר זיינען ניט נור געגען דעם איינעם אדער דעם אנדערען קאפי־
טאליסט. אין דעם פעטערבורגער שטרייק האבען אנטהייל גענוממען
כמעט אללע ארבייטער פון די גרויסע וועבערייען אונ שפינערייען און אין
עטליכע מעכאנישע ווערקשטעללען. אזוי ווי עס איז בעוואוסט געוועזען,
אז דער פינאנס־מיניסטער האט פערבאטען די פאבריקאנטען נאכצו־
געבען די ארבייטער, האבען די ארבייטער געמוזט קעמפפען ניט נור
געגען די קאפיטאליסטען, אבער אויך געגען די רעגיערונג. אונ זייער
זיעג איז דארום געוועזען א צווייזייטיגער: איבער זייערע בעלי בתים
אונ איבער די רעגיערונג. די רעגיערונג האט זיי געמוזט צו זאגען צו
פערקירצען דען ארבייטסטאג. די ארבייטער האבען דורך דעם ארויס־
געבען פון געזעטץ דערקעננט זייער קראפט אונ האבען זיך איבער־
צייגט, אז די רעגיערונג גיט נאך, ווענן זי פיהלט געגען זיך א קראפט.

צווייטענס, וועט דער זאקאן פון צוויטען יוני גאנץ געוויס ער־
לייכטערן דען קאמפף פון די ארבייטער פאר די פערבעססערונג פון
זייער לאגע. די ארבייטער מוזען נור אנלייגען כחות אונ פארדערן, אז
עס זאלל ערפיללט ווערען דאס געזעץ פון צווייטען יוני, אונ ניט די
„אינסטרוקציעס", וועלכע זיינען נאכהער ארויסגעגעבען געווארען פון
מיניסטער. דער זאקאן פון צווייטען יוני בעשטיממט גאנץ איינפאך
דען 11 1/2 אונ 10־שטונדיגען ארבייטסטאג, אונ איבער־ארבייט
ערלויבט ער נור, ווענן דאס פארערט דער טעכנישער חאראקטער פון

דער אינדוסטריע. אין די אינסטרוקציעס פון דעם מיניסטער הערען מיר עפיס גאנץ אנדערס. דארט ווערען אויסגערעכנעט אללע די פיעלע פאללען, אויף וועלכע מיר האבען אנגעוויזען און וועלכע מאכען סוף כל סוף פון דעם 1/2 11- אדער 10-שטונדיגען ארבייטסטאג א 14 אדער 16-שטונדיגען. פון די ארבייטער אלליין וועט אבהייגען, צו וועט ערפיללט ווערען דער זאקאן אדער דעם מיניסטערס בעפעהל. דער זאקאן פון צווייטען יוני וועט אומעטום ערלייכטערן די ארבייטער זייער קאמפף פאר פערקירצערן דען ארבייטסטאג, דענן קעמפפען פאר אזעלכע פארדערונגען, וועלכע זיינען שוין אנגענומען אין זאקאן, איז לייכטער, ווי פאר א זעלכע, וועלכע זיינען אין זאקאן ניט דא.

אויף אזא אופן דארפען די ארבייטער מיט די אייגענע כחות דער־שלאגען זיך, אז עס זאלל ערפיללט ווערען דאס געזעטץ, און נישט דערלאזען די איבערארבייט, וועלכע ווערען נישט דערמאננט אין זאקאן, נור אין די שפעטערע בעפעהלען און אינסטרוקציעס פון דעם מיניסטער. דערצו דארף מען האבען מאכט, די מאכט אבער ליעגט אין פעראייניגונג, אין אחדות.

דער זאקאן פון צווייטען יוני איז גילטיג פון ערשטען יאנוואר 1898.

נור די ארבייטער דארפען שטענדיג געדיינקען, אז געזעטצען, „זאקאנעס" ווערען נישט געשריעבען אויפ'ן בארג סיני, פאללען נישט אראב פון הימעל: דער זאקאן פון צווייטען יוני, ווי שלעכט ער איז, איז דאך געשריעבען געווארען נאך דעם ווילען פון די ארבייטער אלליין. זיי, זייער ווילען, זייער מאכט, זייער אחדות, האבען איהן דיקטירט, האבען איהם געשאפפען. און זייער ווילען, זייער מאכט, זייער אחדות וועט קעננען דיקטירען א געזעטץ וועגען איין אכט־שטונדיגען ארבייטסטאג. דאס דארפען זיי נישט פערגעססען. די אר־בייטער-שטיממע, וועלכע האט שוין אנגעהויבען זאגען א דעה, דארף נישט שוואכער ווערען און נישט אויפהערען צו זאגען די דעה, נור אלץ שטארקער און שטארקער ווערען.

ענדע.